# שטערן

ליטעראריש־
קינסטלערישער
און פאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער
כוידעש־
זשורנאל

2

מינסק — 1940

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאריייניקט זיכ

# ...טערנ

№ 2 ...צנטער יאָרגאנג

...אָוועטישע שרײַבער פונ ווססר



רוווע רייזינ

# ליד ער

## רויטארמייִשער באגלייטער

ליד, דו ליד, דו רויטארמייִשער באגלייטער,
וואָס איז צום הארצנ מיר ביז טרערנ נאָענט,
אינ ריי, ווו ס'האקט זיכ אויס פונ טריט איינ טראָט איינ ברייטער,
האָב איכ דײַנ גרויסע קישעפ=קראפט דערקאָנט.

ניטאָ דאָ קיינ בוריאנ, וואָס שווער זאָל זײַנ מיט דיר זיכ דורכצושלאָגנ,
ניטאָ קיינ ווײַט, וואָס איכ זאָל ניט דערגיינ מיט דיר, מײַנ פרײַנט.
וויפל שווארצע נעכט וועסט מיר אינ שלאכט באשײַנענ מאָרגנ,
וויפל מידע טעג האָסט מיר דעם גאנג פארגרינגערט הײַנט.

וויפל מאָל אינ פעלד מיט ווײַסנ שוידער פאר די אויגנ
האָט דורכגענומענ מיכ הער פערציק גראדוסדיקער פראָסט,
נאָר כ'האָב מיט אופגעלעבטנ טראָט א ליד פארצויגנ,
האָט זיכ א שטראָם פונ ווארעמקײַט געטאָגנ אינ מיר א גאָס.

וויפל מאָל פלעגנ די אויגנ מיר ניט פאָלגנ אונ זיכ שליסנ,
אז ס'איז געווענ מײַנ שענסטער טרוימ—א פאל טאָג שלאָפנדיק אינ פעלד,
נאָר ס'האָט א ליד פונ ברוסט זיכ ארויסגעריסנ,
האָב איכ דערפילט ווי כ'וואָלט פונ לאנגנ שלאָפ זיכ אופגעשטעלט.



וויפל מאָל אינ שווייס אדורכגעווייקט פונ גאנג פונ ווײַטנ
האָט געדאכט—אָט, אָט וועל איכ אפ דר'ערד. א פאל טאָג ווי א שטיינ,
נאָר ס'האָט א ליד א הויב געטאָנ צום ריטמ צום באגײַטנ,
האָב איכ פונ אופגעוועקטנ טראָט פארוואונדערט זיכ אליינ.

די שטיװל בלאָטיקע נאָכ לאַנגנ טאָפּטשענ האַרבסט אינ
האָבנ מיר אינ קאַלטער קאַמאַ־טײַכ געוואַשנ מיט געזאַנג,
ס'האָט יעדער דורכ זײַנ ליד געזען די טײַכ דאָרט אינ זי
אונ איכ—איכ האָב געזען ווײַסרוסלאַנד, ווו כ'וועל עפּשער [illegible] ײַנ.

נאָר אויב כ'וועל נאָכנ שלאַכט נאָכ זײַנ דאָרט אינ מײַנ היימאָרט ווידער,
וועל איכ סײַווי בענקענ נאָכ דער רויטאַרמיי—מײַנ היימ
אונ טײַערער וועלנ מיר זײַנ די רויטאַרמייער־לידער,
מיט וועלכע כ'וואָלט געקענט אָנ אויפהער גיינ אונ גיינ אונ גיינ.

אונ צנעג ט'מיר אָפּסנײַ—צום טאַקט פונ ליד זיכ לאָזנ
אַנטקעגנ פראָסט—מיט הייסנ לײַב אַנטקעגנ ווינט—מיט שטאָלצע טריט
אונ כ'וועל מײַנ שיסער־פּאָלק דעמ בראַוונ ניט פאַרלאָזנ,
קאָלזמאַנ צום פרײַהײט־קאַמפּ באַגלייטנ וועט די ליד...

ליד, דו ליד, דו רויטאַרמייִשער באַגלייטער,
וואָס איז צום האַרצנ מיר ביז טרערנ נאָענט,
אינ רײַ, ווו ס'האַקט זיכ אויס פונ טריט איינ טראָט איינ ברייטער
האָב איכ דײַנ גרויסע קישעפ־קראַפט דערקאַנט.

## געדאַנקענ פונ אַ וועכטער

ווי כ'פלעג קוקנ אַפּ מײַנ היימאָרט פונ אַ באַרגשפּיצ קעגניבער,
קוק איכ אַפּ מײַנ רויטאַרמייער־וועלט פונ וועכטער־פּאָסט —
דער ראַש פונ דורכגעבליצטנ טאָג ווערט פײַערלעכער מיר אונ ליבער
אינ אָט דער שטילער נאַכט פאַרקאָוועטער אינ זילבער־פראָסט.

האַרמאַטנ־דולעס שטאָלצ פאַרהויבענע אינ רײַ אַנטקעגנ
פונ מיר באַוואַכטע, שווײַגנ גרויזאַמ אינ דער ווײַסער נאַכט,
ווי דאָס שווײַגנ פונ די דולעס פאַרנ אויסבראָכ פונ געשלעגנ
איז מײַנ האַרצ די אָנגעלאָדענע פאַרטײַעט אַפּ דער וואַכ.

מײַנ שליאָמ, וואָס שנײַדט דעמ ווינט, ווענ ס'טראָגנ בליצשנעל מיכ די ליזשעס,
אַראָפּגערוקט איז איצטער שטיל איבער מײַנ וואַכזאַמנ געזיכט —
וועמעס איז דער שאָטנ אַפּ שניי?... מײַנ שאָטנ איז עס,
ווער האָט דעמ שניי דעמ ניט באַרירטנ ערשט באַטראָטנ?.. איכ.

ערגעצ וואַכט איצט אויפ אַ קינד אינ אָרעמס פונ דער מאַמע
אונ פרעגט, ווו איז דער טאַטע, וואָס אינ כאָלעמ זעט עס בלויז,
אונ דער טאַטע אינ אַ פראָסטיק נאַכט באַמ ברעג פונ קאַמאַ
שטייט אַ ווײַספאַרשנייטער מיטנ ביקס פאַרויס.

ערגעצ אינ א שטאָט דאָרט, אינ א געסל, בא א מויער
רעדט נאָכ איצט צו מײַנע פרײַנט א שפור פונ מײַנ פארגאנגענהײַט,
אונ איכ—דער פולעמיאָטשיק אָפנ שניי מיט רויטארמייער
זע דורכ פײַער־שפריצ פונ פולעמיאָט מײַנ צוקונפט-צײַט.

דאָרט אינ מײַנ קאנט האָב איכ באהאלטנדיק פונ פרײַנט, געכאָוועט
מײַנ טרוימ דעמ נאָכ ניט זיכערנ צו זײַנ א קאָמאנדיר,
איצט איז מײַנ טרוימ ווי אָט דער גרייטער ביקס אינ הענט פארקאָוועט
אונ הילכיק איז מײַנ טראָט, אונ שלאכטיש־אײַלנדיק מײַנ יעדער ריר.

ס'האָבנ שוינ פרײַנט באמ אָפפאָרנ צומ פראָנט מיט מיר זיכ הײמ געזעגנט,
זיי פויזענ שוינ אָפ ליזשעס דאָרט פארטײַעטע אינ שניי,
באלד וועט אויכ דערגיינ מײַנ ריי אָפ צו ארויס דעמ פײַנט אנטקעגנ,
דו הערסט, מײַנ היימאָרט? באלד שוינ וועט דערגיינ מײַנ ריי.

כ'וועל פונ שלאכט צו דיר נאָכ קומענ מיט א הארצ פול מיט געזאנגענ,
וואָס כ'האָב דערווײַל אינ זיכ פארשלאָסנ, ווי דעמ ביקס דאָ אָפנ שלאָס,
זיי זאָלנ באטאָג ניט פלאָנטערנ מײַנ גיינ אינ פוס מיט רייענ שלאנקע
אונ באנאכט ניט אָפקערנ מײַנ וואכנ בליק פונ פאָסט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

הארמאטנ־רולעס שטאָלצ פארהויבנ אינ א ריי אנטקעגנ
פונ מיר באוואכטע, שווײַגנ גרויזאמ אינ דער ווײַסער נאכט,
ווי דאָס שווײַגנ פונ די רולעס פארנ אויסבראָכ פונ געשלעגנ
איז מײַנ הארצ מיט פאָרנעפילנ אָנגעלאָדנ אָפ דער וואכ.

ווי כ'וואָלט באמ אָנקומ דאָרט דערזענ מײַנ היימ פונ בארגשפיצ קעגניבער
דערזע איכ איצט מײַנ לעבנ פונ פארטראכטנ וועכטער-פאָסט —
דער ראָש פונ מײַנ ארמייער וועלט ווערט פײַערלעכער, ליבער
אינ אָט דער שטילער נאכט פארקאָוועטער אינ זילבער־פראָסט.

ש. בערלינסקי

# דאָס ווײַסע הויז

(דערציילונג)

צו פערצנ—פופצנ יאָר בינ איכ אָנגעקומענ אלס א שיק=יינגל אינ א געשעפט.

דאָס געשעפט אונדזערס, „דאָס ווײַסע הויז" איז געווענ א העל אינזעלע אינ דער גראָער שײַנ פונ שטיינערנעמ ארומ.

דער שילד, וואָס האָט זיכ געצויגנ אויפ דער לענג פונ דרײַ פענצטער (דאָס געשעפט איז געווענ אפנ צווייטנ שטאָק), האָט מיט גאָלדענעמ שריפט אָנגעוויזנ: „דאָס ווײַסע הויז פונ מאקס אדלער".

דער לאָקאל איז געווענ א צוואנציק-מעטער=גרויסער אונ גערואמער, אויסטאפעטירט אינ ווײַסנ. אינ דרײַקאנטיקנ ארומ, אינ דער פאָרמ פונ א כעס („ח") זײַנענ געשטאנענ ווײַס=געפּאָקאָסטע טאשעוואניעס. הינטער זיי, אינ ווײַסע שירצנ אָנגעטאָנ, לויפנדיקע, שפּרינגענדיקע אונ צו יעדער נויטיקער מינוט שמייכלענדיקע מיידלעכ, וואָס האָבנ אזוי פּיסקלדיק גערעדט. אפ די גומי=בענדלעכ, וועלכע זיי האָבנ געהאַט ארומגענומענ אינ דער טאליע, האָבנ ארומגעצאַפּלט קליינע שערעלעכ, אונטער-שפּרינגענדיק מיט צעעפנטע שנעבעלעכ בא יעדנ באַוועג אינ האנט ארײַנ, גרייט ווי די שטיפערס צו שנײַדנ... אונ פּאָליצעס העלע מיט זיימלעכ געטאָקטע, האָבנ זיכ געפּאַכלט ביז צומ סופיט מיט אויסגעסאַדערטע ווו: אנ אָפּטייל שאכטלענ, ווו—פּאקונגענ, נאָר אלע זײַנענ זיי ווײַסע געווענ, ווי איבערגעצויגנ מיט א מילכ-הויט.

אויב עס האָט זיכ עפּעס אָפּגעשלאָגנ אינ דער דאָזיקער ווײַסקײַט, איז עס געווענ די גאָלדענע עטיקעטנ מיט פארשיידענע פארצייכענונגענ, וואָס האָבנ דערציילט פונ גרויסנ יכעס פונ די וועבענע לײַוונטער, געשטיקטע גארדינענ, טישטיכער, האנטוכצײַגנ, וואָס דאָ איז צו באקומענ.

דערצו זײַנענ די דרײַ גרויסע, זעקס-שויביקע פענצטער ארויסגעגאנגענ אפנ מיזרעכ, אונ א ליאדע שפּיל אפנ הימל—אונ די בלאנקענדיקע שויבנ האָבנ זיכ צעשמאָלצנ אונ ארײַנגעטריפנ אינ ליכטיקנ לאָקאל=רוימ פאליעס גאָלדזוניקײַט. האָט עס אויסגעזעענ אינגאנצנ, ווי פונ הימל-אויפ וואָלטנ זיכ די אלע זונ=באגאָסענע וועבשטאָפנ דאָ טאקע אויסגעוועבט.

אינ אזא מאָמענט, אז ווער פונ די פארקויפערנס פלעגט פאר א קוינע אופווארפנ א שטיקל ווײַסצײַג, האָט מיר אויסגעדאכט, אז די העלקײַט איז אופגעשפרונגענ, צעפלויגנ פונ זיכ אליינ.

דער שעפ מײַנער, מאקס אדלער, איז ווי ארויסגעוואקסנ פונ דער בראנזשע. פונ אימ האָט אזא ווײַסקײַט ארויסגעלײַכט, ווי ער וואָלט אָנשטאָט בלוט, מילכ געהאט. דאָס פּנים זײַנס איז קלאָרימשקע, אָנ א פגאמל געווענ, באזוימט מיט א שווארצ לאָפּאטקע-בערדעלע, וואָס האָט פונעמ שווארצנ רעמל נאָכ העלער ארויסגעשײַנט. הענטלעכ איידל אויסגערוטע, פוכיקע, ריינע. נאָר ווי דאָס גאנצע ווײַסקײַט וואָלט אָנגעהויבנ צוצופּעצנ אינ אימ אונ אָנזעצנ זיכ, האָבנ אזעלכע פוטערדיק-שמאנטיקע ווײַסאפּלענ פונ די שוואַרצע אויגנ ארויס אזוי מילכעדיק בא אימ אפ דער וועלט געקוקט. ס'איז גלײַכ צו דערקענענ געווענ, אז ער האָט עפּעס א שײַכעס ניט נאָר א געשעפטלעכנ צו די איידעלע ווײַסווארג.

אויכ בעטעווע איז ער געווענ אזא לײַכטער, א פוטערדיקער, ניט צופיל געקאָכט, געשוימט זיכ. אינדערפרי איז ער רעגלמעסיק געקומענ אינ געשעפט ארײַנ. זײַנ ווייכ געמיטל האָט אפ אלעמענ דאָ גערוט. בא זײַנ אָנקומ איז דאָס געשעפט געווענ שוינ אָפנ אונ אלצ אפנ אָרט: צוגעראמט, אויסגעשטויבט, די פארקויפערנס, די קאסירנ — אפ זייערע פלעצער. דער בלאָנדער ייִד, דער בוכהאלטער, דער מיט דעמ צוגעשווירענעמ בערדעלע אונ לאנגער געהאקטער קאפּאָטע, וואָס פירט שוינ דאָ די ביכער פונ ערשטנ טאָג, ווי דאָס געשעפט האָט זיכ געעפנט, איז שוינ געזעסנ אינעמ קאָנטאָר אינ זײַדענעמ קאפּעלע אונ האָט זיכ געאייסעקט, אונ איכ אינ מײַנ ווינקל — גרייט צו גיינ א שליכעס. אינ דער דאָזיקער דיסציפּלינ, וואָס צענ מענטשנ זײַנענ אינ איר שפּאנ געגאנגענ, זײַנענ עפּעס די שטריק פונ דער צוימ געווענ אײַנגעזייפטע, — מענ האָט זיכ לײַכטער ארײַנגעגלימשט, ניט אזוי בעייסמײַסע דעמ אָל געשפּירט. הער אדלער פלעגט זיכ אוועקזעצנ בא דער ביורקע אונ גענומענ קוקנ אינ די כעשבוינעס. געזעסנ איז ער סאָליד, א פוס פארלייגט אפ א פוס, אונ אזא רויקע, גאָרניט פארלאנגענדיקע צופרידנקײַט ארומ אימ. ס'האָט אלצ פונ אימ אראָפּגעטאנצט, אלצ פונ אימ צופרידנ געווענ. אפילע די הויזנ האָבנ זיכ אזוי גוט געפילט אפ אימ, אז זיי האָבנ זיכ אזוי גראָד געהאלטנ אינ קנייטש, ניט א ברעכל זיכ צו טאָנ. דאָס שטייענדיקע קראגנדל, די מאנזשעטנ, „דאָס הארצל" האָבנ אזוי ווײַסלעכ ארויסגעלײַכט פונ אימ. דערצו איז ער געווענ א מאנ א הויכער, א ברונעטער, אפ אזא ווײַסער פאָנ. יעדע פונ די קוינעטעס, וואָס איז ארײַנגעקומענ, האָט זיכ ווירדיק פארנויגט פאר אימ אונ מיט אזא צופרידענער מינע זײַנ באגריסונג אופגענומענ. אונ א שעפע איז צו יענער צײַט געווענ — קוינימ זײַנענ געגאנגענ אונ געקומענ. ס'איז געווענ באמ סאָפ פונ דער רוסיש-יאפּאָנישער מילכאָמע. דאָס לאנד, וואָס האָט זיכ געוואקלט צווישנ שטענדיקע קריזיסנ, האָט זיכ גראָד געשטעלט אפ א גוטער צײַט. די קוינימ — אלע קימאט פונ גוטנ שטאנד: דאָס האָט שוינ די בראנזשע גוירעמ געווענ. יוסטע, אלטפּאזעסנע באלעבאָסטעס מיט שנירלעכ פערל אפ די גוידערדיקע העלזער, מיט שווארצע סאמעטענע הוטנ אפ די נעגידישע קעפּ, זײַנענ זיי געקומענ נאָכ די ווײַבענע ציכנ, געהאָפטענע גאחדינעס, טײַערע געשטיקטע וועשנ, וואָס אינדערהיימ האָבנ באלעבאטיש פארשלאָסענע קאָמאָדעס געווארט אפ זיי. אָדער עס זײַנענ געקומענ קאלעס

נאָך אויסשטייערס. מיט זיי זײַנען שטענדיק געקומען מעכוטענעסטעס פון ביידע צדאָדים. די קאַלע, די באַלעבאַטישע טאָכטער, פלעגט שטיין א האַלב-פאַרשעמטע און זיך ניט אַרײַנמישן, בײַם מע האָט גערעדט וועגן לײַלעכער, בעטצײַג. נאָר זי, די מאַמעס, וואָס טייל פון זיי זײַנען שוין און אַנדערע האַלטן בא באָבעס ווערן און האָבן שוין צו האַלב טוצן קינדער פון זייערע טראַכטן אַרויסגעקריגן, האָבן אַזוי פרײַ גערעדט וועגן „זײַנ" וועש און „אירע" און אַלץ זיך באַראַטן מיטן הער אַדלער.

הער אַדלערס וואָרט איז געווען דעציזיווינדיק, האָט לאַנג אײַנגערהיים צוגעשמייכלט באַם אויפציען און אָפּציען די ווײַסוואַרג. זײַן אייביק קלוג ווערטעלע פלעגט זײַן: „און איך וואָלט אײַנען געראַטן דאָס צו נעמען". דאָס פלעגט געשען נאָכדעם, ווי די מיידלעך, די פאַרקויפערנס, האָבן זיך די העלדזער אויסגערעדט, צו שאָען מיט די אויסדרעסירטע פיסקלעך גערדייט, ווי די מאַרינאַנעטקעס, און אויפגעוואָרפן צענער מוסטערן שטאָפן פאַר די פאַרצוייגענע, קאַפּריזנעוואַטע נעגידישע פרויען. אָבער לעסאָף האָבן זיי די האַסקאָמע פון הער אַדלער אויך נאָך געוואָלט. פאַרוואָס טאַקע ניט? און ער האָט זײַן קלוגן מיינונגל, וואָס ער האָט עס געהאַט אײַנגעגעסטיקט אונטער זײַן גלאַטיק שײַנענדיקן שטערן, מיט א שמייכל זיי אַנטקעגן געטראָגן: „איך ראַט אײַנען דאָס",—און זיי זײַנען צופרידן געווען, עפּעס א קלייניקייט הער אַדלער,— ער האָט דאָך אַזוי אימפּאָנירט זײַנע קונדן. וואָרעם מער פאַר אַלץ האָט ער פאַר זיי פון א ייִכעס געשטאַמט, פון די אַדלערס, א מישפּאָכע, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט אויסהיטן זיך מיט זייער ייִדישקייט אין אַלע אויסלאַנדן, ווו זיי איז אַלץ אויסגעקומען צו שטודירן אָדער צו פאַרברענגען אין די וואַרעם-לענדער. דערצו האָט ער א פרויעלע געהאַט, וואָס האָט אים גרויס אָנזען אין זײַן שטאַנד פאַר-שאַפט. געווען איז זי א ראַבינערס א טאָכטער פון אונגאַרן, ווײַט געווען פון ייִדן,— מער ווי א חרײַ מיניאָנים האָט די געמיינדע אין מעזשעהעדע, ווו איר פאָטער איז ראַבינער געווען, ניט פאַרמאָגט. זי קען טאַקע אַדהאַיעט קיין ייִדיש וואָרט ניט, נאָר א לאַמדאָנעס—זעט מען דאָס ניט. די ביבל—גאַנצע קאַפּיטלען אַפּ אויסווייניק, אי אַפּ לאָשנקוידעש, אי אַפּ דײַטש. שיין—א פּריצעטע, ניט צו דערקענען, ס'איז א ייִדיש קינד. אַז זי גיט א נעם דעם בינאָקל פאַרן אויג, ניט אַנדערש—א כראַבינע. וואָס איז דאָס ווונדער? ווו זעט מען דאָס באַלד אַזא קאָפּ בלאָנדע לאָקן, וואָס איינער קאָרבט זיך אין דעם אַנדערן אַרײַן? און א היים האָט זי פאַר אים געשאַפן א שטילע, א שטרענגע, מיט די מעשאָרסים זיך באַגאַנגען ווי די אויסדרעסירער מיט בײַעס, געצווימט, געהאַמעוועט און באַוויזן זיי מיט אירע שטרענגע בליקן, ווי מיט פאָכנדיקע בײַטשן. אַזא שטילקייט איז טאַקע געווען. צוויי קינדער, א מיידעלע מיט א ייִנגעלע האָט זי אַזוי אויסגעפּיעשטשעט, אַז זיי האָבן דעם אײַנדרוק געמאַכט מיט זייער דעליקאַטער בלייכקייט, ווי די ספּעקטן-פלאַנצונגען, וואָס ווערן געהאָדעוועט הינטער א גלאָז און ווערן קיינמאָל ניט אויסגעצוואָגן פון די נאַטירלעכע לופטיקע ווינטן.

מאַקס אַדלער, דעם מאַן,—האַגאַם ס'האָט געהייסן, ער איז ווײַט הינטערשטעליק לעגאַבע איר,—האָט זי אונטערטעניק געשעצט, פלעגט אַלע פאַרנאַכט באַם שליסן דאָס געשעפט קומען נאָך אים. דאָס האָט געהייסן זי גרויסט זיך ניט קעגן אים, האָט אים אַרופגעזעצט די קרוין פון איר פאַמיליע, ווײַל ס'איז דאָך דער מאַן.

און אז דאס פּאָרפאָלק אדלער מיט די צוויי קינדערלעך פאַרויס איז איבער דער צו געגאנגען, ווער פון באלעבאטישן אוילעם האט דעם קאָפּ ניט אויסגעדרייט. נו, א וואונדער געווען, אז די נעגידישע ווײַבער האָבן אזא פּיִעטעט געהאט פארן הער אדלער און האָבן נאָר געצווינגן אין „ווײַסן הויז" ארײַן? און וואָס מער האָס געשעפט איז אים געגאנגען, וואָס מער מען האט זיך אָנגערצײלט וועגן זײַן ראטווערדיק לעבן, אלץ מער מאגנעט האט עס פאר זיי געהאט.

איך בין געקומען פון א שווארץ-צעריסענער היים, און דאס „ווײַסע הויז" האט אזא פארדראָס אין מײַן יונגן הארץ געצונדן.

אינדערפרי, ווען איך פלעג ארײַנגיין אין געשעפט ארײַן, האָבן מיך מיט שרעק באגלײט ווי דונערס די קלאָלעס און מאכלויקעסן פון דערהיים. יעדער וואָגן אָדער באן, בײַם איך פלעג פארבײַגיין דעם באן-פלאנט, האט מיר אויסגעראכט, יאָגן זיך אף מיר, ווילן מיר צעדריקן, צעמאַרשטשען הינטער זיך. ניט איינמאָל, פארבײַגייענ-דיק, פלעג איך פון הינטער א באלקאָן אוועקלויפן מיט מוירע, צי ער לאָזט זיך ניט אראָפּ אף מיר,—פון אזא בראנד פלעג איך ארויס. אזעלכער בין איך ארײַן אין אזא ווײַסער רויקײַט, אז כ'האָב די ערשטע מינוטן געמוזט די אויגן פארמור-זשען, ניט געקאָנט ארײַנקוקן אין איר און באנעמען זי.

אין קעגנזאץ צו דער פונדאמענטאלקײַט אין „ווײַסן הויז" האט זיך אינדערהיים בא אונדז אלץ געבראָכן, געקרישלט, ווי פרוכקע האָלץ.

דער טאטע מײַנער האט די לעצטע צײַט די פארנאָסע פארלאָרן. ער האט צוגע-שטעלט קלאָפּטערס האָלץ אין רײַכע הײַזער, און מאכמעס מען האט אָנגעהויבן נוצן שטיינקוילן, איז האָלץ ארויס פון נעבעכדיק. ער איז א מעקלער געוואָרן בא היבאָ-טעקן, גימער. און באדאָשים נאָכאנאנד האט מען זיך די אויגן אויסגעקוקט אף א פארדינסט. אלע אינדערפרי באם קושן די מעזוזע, וואָס מײַן טאטע פלעגט דאס טאָג צו דרײַ מאָל באם פארלאָזן די שטוב, האט די מאמע אים נאָכגעבענטשט:

„זײַ מאצליעך, ווער באגליקט".

דאס זײַנען געווען די איינציקע האָפנדיקע גוטע מינוטן אין שטוב.

„אוליי, טאַטער וועט שוין געפונען זײַן אין גאָטס אויגן צו זען אונדזער פּײַן".

דער דאָזיקער אָנגעגליטער בימאָכן האט זיך בא דער מאמען ניט אויסגעלאָשן אין פארלויף פון יאָרן גוים.

אין די אָוונטן פלעגט דער טאטע ארײַנקומען מיט א פּאָנעם, וואָס איז שווארץ געווען, די קארבן נאָך טיפער אײַנגעשניטן. „פונוואנען הויבט מען ווײַטער אָן צו לעבן?"

איבער דער שטוב האט זיך דאן אויסגעשפרייט א שווארצע כמארע. די קינדער זײַנען געזעסן אײַנגעשראָקענע, ווי די פייגל פארן אָנקום פון א שטורעם. דער טאטע האט זיך געדרייט ארום און אראָפּ און האט געביסן די באָרד פאר צאר. ווען ניט די מאמע, וואָס מיר האָבן געפילט אין איר א שוץ, וואָלטן די קינדער געווען אויסגעגאנגען. אזא דערצערנטער האט ער זיך געדרייט, דער טאטע. אפילע די מאמע האט מוירע געהאט אים צו הייסן גיין וואשן זיך און עסן עסן. ער האט גלײַך אָנגעהויבן: „נו, ווען עס פראצע וועל איך ווײַטער אין מיר ארײַנעסן? יעדער ביסן קאָסט דאָך מיר בלוט!" ווײַסנדיק, אז די מאמע האט באם געוועלבניק אָדער

בא ווּעמענ פונ די שכיינים אויסגענארט אפּ א פּרויט מיטנ מערעצ, אז דער מאַנ קומט באלד אָנ פונ גאס מיט געלט. דערצו זײַנענ מיר געווענ 4 קינדער אינדערהיימ אונ קייג איינס האָט ניט פארדינט. די אויסגעגעבענע צווײ, א ברודער אונ א שוועסטער, בא זײ האָט נאָר דער טאטע מיסבער געפירט, אונ ווי דער מינהג איז געווענ אינ אזעלכע הײַזער, איז דער ברודער געזעסנ אונ געלערנט ביז דער כאסענע אונ די שוועסטער, א מיידל, האָט געטאָנ אינ באלעבאטישקײַט אונ אינ די פרײַע צײַט זיכ געפּיקט אינ א געראָטנ קאלע-מיידל: אויסגענייט א „שיווּסי“, א „קויסל-מאראָווי“, א כאלע-טישטעכל. איצט האָט זיכ דאָס אלצ געבראָכנ. די קינדער זײַנענ א שווערער לאסט געוואָרנ, איבעריקע. „אָנגעהאנגענ זיכ מיר א מאסע אפּג האלדז אונ שלעפּ האָס“, האָט דער טאטע געברומט אינ דער באָרד ארײַנ, קוקנדיק ארומ אפנ געזינד. נעמענ אונ ארויסשיקנ זײ פונ שטוב צו עפּעס אנ ארבעט האָט ער אויכ מוירע געהאט. ס'איז געווענ ניט לאנג נאָכנ פינפטנ יאָר: שטרײַקנ, אופשטאנדנ קעגנ מאלכוס, קעגנ גאָט. „זײ וועלנ דאָכ אויסגייג לעטארבוס ראָעס, העפקיירעס אפ די גאסנ“, האָט ער מיטנ קאָפּ געשאָקלט.

געבראָכנ האָבנ זיכ אויכ די איינציקע פריידיקע שאָעג, די שאבאָסימ אונ יאָנ-טויווימ. יעדעס מײַכל, וואָס האָט געפעלט צומ שאבעס-טיש, איז געווענ פונקט ווי מ'וואָלט אנ אײווער פונ שאבעס ארויסגעריסנ אונ עס טריפט מיט ווייטאָק. דאָס אייגענע איז געווענ מיט די ליכט—וואָס אמאָל קלענערע, אונ די מאמע האָט זיכ צעוויינט באמ בענטשנ זײ, ווי מענ וואָלט געווענ עפּעס אָפּגעהאקט, וואָס ס'רינט פלוט דערפונ.

אונדזער שטיבל איז מיט דער צײַט אינ א הונגעריקער וואָלפנ-נאָרע פארוואנדלט געוואָרנ. מענ האָט זיכ געריסנ, געוואָיעט, געשאָלטנ מיט די ביטערסטע קלאָלעס אונ דערבײַ האָט אזוי ווי געטאָנ איינעמ פארנ אנדערנ, ס'הארצ געשניטנ ווענ מענ האָט א קינד געזענ אינ א צעלייגט קליידל, אינ צעלאטעטע שיכ.

די מאמע פלעגט קנײַפּנ, אז זי האָט שווארצע צייכנס געלאָזנ, צוליב אנ איבע-ריקנ ביסנ, וואָס א קינד האָט געכאפּט. „שלוימע דארפ דאָכ אויכ אונ רייזל האָט דאָכ נאָכ איינגאנצנ ניט געגעסנ, דערוואָרגנ זאָלט איר ווערנ“—אונ האָט ווײַטער גע-קנײַפּנ. נאָר אז דאָס קינד האָט זיכ צעוויינט, איז זי ארופגעפאלנ, אויסגעקושט די שווארצע פלעקנ אונ צעהעשעט זיכ אָנ אָפּשטעל: „ריבוינעשעל-אוילעמ, מײַנ הארצ וועט דאָכ מיר צעשפּרינגענ פאר מײַנע קינדער!“

דער טאטע האָט ניט געשלאָגנ, נאָר זײַנע רייד האָבנ געשניטנ. ער האָט זיכ שאָענ געדרייט ארופ אונ אראָפּ, ארופגעלייגט די פאטשיילע אפּ דער אָפענער געמאָ-רע, דער קאָפּ האָט אימ ניט געטראָגנ צו לערנענ, אונ האָט ווי א פארווונדעטער ארויסגעבראכט אזעלכע אָכצנ: „צו וואָס מײַנ לעבנ איז אויסגעגאנגענ“!

די זיפצנ האָבנ זיכ פארשפּרייט איבער דער שטוב אונ האָבנ אונדז די געבליטנ פארסאמט, ווי גיפטיקע גאזנ.

איכ האָב דערפילט, ווי די וועלט קראכט, ברעכט זיכ פאר אונדז אונ האָב דער ערשטער געוואָלט ארויס פונ אונדזער שטוב אונ ביג אָנגעקומענ אינ „ווײַסנ הויז“. אָבער מײַנ צעווייטיקט געמיט האָט זיכ געקאָרטשעט אינ דעמ דאָזיקנ הויז, ווי א שלאנג, וואָס מע האלבירט אימ דורכ. איכ האָב אפילע, נאטירלעכ, ניט געקענט

ריידנ אינ דעם סאָליד'נ טאָנ, ווי מענ איז עס געוווינט געווענ׳ דאָ. אויב ס'איז אויס-געקומענ צו שמייכלענ, לאכנ, וואָס פלעגט אָפט געשענ נאָכדעם, ווי עפּעס א קאָמי-שער קינעו איז אוועקגעגאנגענ, האָט זיך מײַנ פּאָנעם אזוי מאָדנע צעקרימט, אז איך האָב עס געמוזט אָפּקערנ פונ׳ מענטשנ.

כ'בינ געהאָרכזאם געווענ, ווי א געשלאָגענער הונט, פלעג שפּרינגענ אונטער די נעגל בא א ליאדע פּיפּס. בא אלעמענ האָב איך אנערקענונג געהאט, מענ האָט מיך ליב געקריגנ, אָבער איך האָב די לאסקעס ניט געקאָנט פארטראָגנ, מיט קיינעם זיך ניט געקאָנט דערנעענטערנ. אז עס פלעגט ווער פונ געשעפט גיינ מיט מיר איבער דער גאס אונ ריידנ, האָב איך זײַנע ווערטער ניט געקאָנט אראָפּשלינגענ, זיי זײַנענ מיר געבליבנ שטעקנ. ווי גלײַך מענ רעדט דאָס צו מיר, אינ׳ סארא פּײַנעם טאָנ! זיי ווייסנ גאָר ניט, וואָס בא מיר קומט פאָר, פונ וואָס פארא פארשאָלטענער היים איך בינ! ס'איז גענוג געווענ יענער זאָל זיך מיט מיר איבערקוקנ, זענ מײַנ צעפּײַניקטנ בליק אונ ער זאָל טאקע אויפהערנ. נאָר דאָס ערנסטע האָט זיך פאר מיר אָנגעהויבנ, ווענ מענ׳ איז אינ געשעפט געוואָר געוואָרנ פונ אונדזער אָרעמקייט אונ דער הער אדלער האָט מיר געהייסנ קומענ צו זיך אפּ מיטאָג אונ האָט מיך דאפקע פארבעטנ אינ עס-צימער ארײַנ׳ צום טיש מיט אלע.

איך האָב די אויגנ ניט געהאט וווּ אהינצוטאָנ, בינ געזעסנ, ווי נעגל וואָלטנ ארומגעשפּיזט מײַנ לײַב. כ'האָב ניט געוווּסט צי איך עס, צי איך שלינג אראָפּ אזעלכע גיפטיקע פילנ אינ מײַנ אינגעווייד ארײַנ. אלע שלעק פונ׳ דער היים האָבנ גענומענ אזוי אויפיערנ באם געפינענ זיך צווישנ די פרעמדע מענטשנ אונ האָבנ מיך פונ אָרט געריסנ. וואָס מער מענ איז צוגעשטאנענ צו מיר, איך זאָל מיך היימ'ש פילנ, ניט אזוי זיצנ, וואָס בעסערע באלאָקים מענ האָט מיר צוגעטיילט, אלץ מער האָט עס געברויזט אינ מיר, גאָרנישט אײַנצונעמענ. קוים האָב איך נאָך ווייניק גע-האט, האָט נאָך מיטאָג די פרוי אדלער מיר פאָרגעלייגט, כ'זאָל מיך אביסל שפּילנ מיט איר ינגעלע. אלע האָבנ דאנ אָפּגעווישט מיט די סערוועטנ די מײַלער, אויס-געדרייט די שטולנ אינ מײַנ׳ זײַט אונ גענומענ קוקנ וואָס פאר א שפּיל איך וועל דאָ פאָרלייגנ. איך האָב אָנגעהויבנ פינטלענ מיט די אויגנ, איבערנ גאנצנ צימער האָבנ שווארצע בײַטשנ גענומענ פאָכ׳ צו מיר, כ'האָב געציטערט מיטנ גאנצנ קער-פּער. דאָס קינד א פריילעכס, א צעשפּילטס, האָט אָנגעהויבנ ארומטאנצנ ארום מיר, אפּ מיר. כ'האָב שוינ גאָרניט געפילט, בינ געבליבנ ליגנ, ווי א באטרעטענע, צעווי-טיקטע מאסע פלייש מיט ביינער. דאָס פאָרפאָלק האָט זיך שטארק צעלאכט. אפּאָנעם, ס'האָט זיי צוגעקוואָלנ׳ דאָס געשיקטקייט פונעם ינגל, זײַנ קנעטנ מיך אפּ אלע זײַטנ, אונ עפּשער מײַנ שטארקע אומבאהאָלפנקייט. די דינסט וואָס האָט גראָד צוגערוימט, האָט זיך אויש בא די זײַטנ געהאלטנ. איך האָב דערפילט, אז איך וואָלט אויך געדארפט לאכנ, דאָס וואָלט מיך נאָך געקאָנט ראטעווענ,—ס'וואָלט געקאָנט הייסנ, איך האָב מיך אומישנע אזוי אוועקגעלייגט, אבי זיי צו פארווײַלנ. מײַנ פּאָנעם האָט מיך אָבער אויסגעגעבנ. זיי האָבנ׳ געזענ טאקע, אז איך ליג טאקע אזוי ניט צום ריידנ זיך. זיי האָבנ קוים דאָס ינגעלע אוועקגעשלעפּט פונעם פעטנ ביסנ, וואָס ער האָט דערשפּירט אינ מיר, אונ די עלטערנ האָבנ קעסיידער געלאכט אינ די הענט ארײַנ, איך זאָל ניט באמערקנ.

איבער דער גאס בינ איכ דערנאָכ געלאָפנ, ווי פונ מײַנ פלייש וואָלט זיכ מיר נאָכגעשלעפט,—אזוי פארוווּנדעט האָב איכ זיכ געפילט. איכ בינ גלײַכ אהיימ געלאָפנ אונ האָב אינ געשעפט ארײַנ מער ניט געוואָלט גײנ. עפּעס אזא באַליידיקונג, א בושע האָט געברענט אינ מיר, וואָס מײַנ גאנצ וועזנ האָט געצערט דערפונ, ווי די שנויט באמ ליכט פונ כיילעוו.

איכ האָב אינדערשטיל געקלערט, וויאזוי פונ דער שטאָט אוועק, אבי יענע שוועל מער ניט באטרעטנ.

אינ אָוונט האָט דער טאטע, דרייענדיק זיכ איבער דער שטוב, א פאָר מאָל זײַנ האנט צו מיר צוגעפירט:

„נא, נעמ גריזשע מײַנ לײַב! וואָס ביסטו מיר אהיימ געקומענ!"

די מאמע האָט מיכ אָבער דערפילט. זי האָט מיכ קעסיידער פארטיידיקט:

„דאָס קינד קאָנ האָס ניט פארטראָגנ, אז איכ קומ אמאָל ארופ צו זיי, פיל איכ אויכ ווי איכ ווער אויס מענטש. וואָס ווילסטו פונ אימ האָבנ! וועט ער הונגערנ מיט אונדז אינאיינעמ".

צומאָרגנס איז זי אהינגעגאנגענ צומ הער אדלער אונ האָט אימ געבעטנ ער זאָל מיר מער אפ מיטאָק ניט אהיימ נעמענ, כ'בינ א שעמעוודיקער. אזוי ארומ, געטריבנ פונ טאטנס רייד, בינ איכ צוריק אינ „ווײַסנ הויז" ארײַנ. אָבער פונ איצט אָנ האָט מענ זיכ אָנגעהויבנ מיט מיר באגיינ, ווי מיט א מיכוצלעמאכנעניק, אנ אויסגעשלאָסענעמ פונ אלע. מענ האָט מיכ באנוצט צו דעמ, וואָס מענ האָט מיכ געדארפט אונ קיינ שומ מאגעמאסע ניט געהאט מיט מיר. דאָס האָט מיר ווידער שטארק וויי געטאָנ. כ'בינ געוועג זיכער, אז הער אדלער האָט דאָס איבערגעשמועסט מיט די מענטשנ פונ געשעפט... וויפל פונ מײַנע יאָרנ וואָלט איכ ניט געווענ אוועקגעגעבנ, כ'זאָל וויסנ, איז וואָס פארא פאָרמ ער האָט גערעדט וועגנ מיר. גאנצע וואָכנ האָט געברענט אינ מיר דער נײַגער. בא יעדנ וועגד צו מיר האָב איכ עס יענעמ געוואָלט ארויספילנ פונ די אויגנ, פונ דער מינע, וואָס ער מאכט. פונ דער צווייטער זײַט בינ איכ געווענ צופרידנ: כ'האָב געקענט לעבנ אינ מײַנ צעפּײַניקטער, איינענער וועלט.

אינדערשטיל האָב איכ געוואָלט, אז עפּעס זאָל עס אופרײַסנ, צעשמעטערנ אונ אנ עק, אז איכ וועל ארײַנקומענ אינ אנ אינדערפרי זאָל איכ טרעפנ א בארג שאבטלעכ, פאקונגנ—א מיש-מאש. די אלע קוינעטעס, די פאמיליע אדלער, אפילע דער קליינער פעמפיק, וואָס האָט מיכ אזוי געטראָטנ, זאָלנ קוימ מיט צאָרעס קענענ ארויסקריכנ פונ הינטער דער כורווע.

אונ דאָ אפ צעלאָכעס האָט זיכ אלצ אזוי רויק געפירט. שאבטלעכ זײַנענ מיט אזא סיידער געשטאנענ איינס אפ איינס, קוינימ זײַנענ געגאנגענ אונ געקומענ אונ הער אדלער האָט זיי צוגעווונטשנ: „פארנוצט געזונט", „דערלעבט נאכעס" א.אז.וו.

מעקויעמ זײַנענ געוואָרנ זײַנע רייד: זיי האָבנ טאקע נאכעס געהאט—האָבנ איבערגעלאָזט אזעלכע קנאקעדיקע באנקנאָטנ אינ געשעפט אונ אהיימ געגומענ די פײַנסטע וועב-שטאָפנ.

אײנ געקאָמע, וואָס איכ האָב יאָ געהאַט אינ זײ—די אָרעמעלײַט, וואָס זײַנעג גענאַנגענ איבער די הײַזער אונ האָבנ אביסל צעשטערט זײער צעשמאָלצענע רויקײַט, איבערהויפּט פונ הער אדלער.

ווי סמאַרעס קראָענ אַפּ א שנײ־פעלד, וואָס פאַרפלעקנ אונ באַשרײַענ עס מיט זײער שוואַרצנ קראַקענ, אַזוי זײַנענ מאַכנעס אָרעמעלײַט, פאַרפינצטערטע, צעקרומטע באַפאַלנ דאָס ווײַסע הויז.

אינ דעם רײַכנ קוואַרטאַל פונ אונדזער געשעפט (די שטאָט איז פאַר די אָרעמעלײַט געווענ אײַנגעטײלט אינ באַשטימטע רעווירנ) זײַנענ זײ בא אונדז אויסגעקומענ אינ די פּרײַטיקס (ערעוו־שאַבעס, דער פעטסטער טאָג פאַר נעמענ צדאָקע).

אַפּ דעם האָזיקנ טאָג האָב איכ אָנגעהויבנ אויסקוקנ. ס'האָבנ זיכ מיטאַמאָל אַנדערע טענער דאָ ארײַנגעריסנ, אַנדערע פּעניםער, וואָס האָבנ דורכגעשניטנ דעם רויִקנ פרידנ.

באַם הער אדלער, וועלכער האָט געשעמט פאַר א באַלצדאָקע אונ וואָס האָט ספּעציעל פאַר די פּרײַטיקס אראָפּגענומענ אינ א בלעכנ שאַכטעלע ארײַנ דאָס קלײַנגעלט פונ א גאַנצער וואָכ לײזעכצ, האָבנ די אָרעמעלײַט זיכ געזאַמלט, ווי די הונגעריקע פײגל בא זשאַרנעלעכ.

זײ פלעגנ אָנקומענ קאָמפּאַניעסווײַז, גאַנצע קרענצלעכ, ס'ראָוו מיט לײדיקע יאַסלעם, וואָס די מײַלער האָבנ אויסגעזענ ווי די פינצטערע לעכער, וועהינ עס ווערט ארײַנגעפּאַקט צעווײקט פאַרהאַרט ברויט אונ פונ וואַנענ עס קומענ ארויס בעטלערישע טאַכנונים אונ ביטערע קלאָלעס. אַנדערע מיט רויפלײש געליאַמעוועטע אויגנ, די פּענעמער זײערע—צעאַקערטע, ווי בײטנ דורכגעשניטענע, גלײַכ אַז אקעראײַזנ וואָלט דורכ זײ אריבער. אונ אײַנגעהילט זײַנענ זײ געווענ אינ טראַנטעס, וואָס זײַנענ קופּעסווײַז געלעגנ אַפּ זײ, אונ ס'איז ניט צו דערגײנ געווענ, וויאַזוי טומ מענ דאָס אָנ אונ אויס.

פאָרויס פלעגנ זײ שיקנ די קאַליקעס: אפּערהינקענדיקע, בלינדטאַפּנדיקע, אָדער מיט קינדער אַפּ די הענט, וואָס האָבנ שטענדיק געוויינט. זײ אַלע, וואָס זײַנענ ווי קוימיקע פלעקנ ארײַנגעפאַלנ אינ דעם זויבערנ זאַל, האָבנ, מיט אַזאַ קרימלעניש אַפּנ פּאָנים, מיט פאַרשײדענע זיפצערײַענ אויסגעשריגנ דאָ אינ דער לוימערקײַט ארײַנ: „שענקט עפּעס אַנ אומגליקלעכנ“, „א קאַליקע“, „פאַר א יאָסעמל“.

דער צדאָקע־טײלער בינ איכ געווענ. איכ האָב לויטנ אָנזאָג פונ הער אדלער געקאָרפּט יעדנ אָרעמאַנ געבנ פונ שאַכטעלע ארויס א צוויײער. אינ אַנ אויסנאַם פאַל, אַז דער אָרעמאַנ האָט זיכ אײַנגעשפּאַרט, אָדער עפּעס אַנ אויסטערלישע קאַליקע, האָב איכ זיכ נעדאַרפט אָנפרעגנ.

הער אדלער איז דעם גאַנצנ פּרײַטיק געזעסנ בא דער ביורקע, מיט די הענט אַפּנ שטעקנ, דאָס פּאָנים פאַרשטעלט אונ די געבעטע שטול נעדרײט אַפּ אַלע זײַטנ, ווי דערמיט צו באַהאַלטנ זײַנ רויִקע צופרידנקײַט, וואָס ער האָט קײנ אָרט ניט געפונענ פאַר איר. אַז א בעטלערנ האָט זיכ צעווײנט: וואָס וועט זי מאַכנ מיט א צוויײער, אינדערהײם ליגט א כאָרעוו קינד, אונ איכ האָב געקוקט צו אים, ווי צו האַנדלענ, האָב איכ צום ערשטנ מאָל אינ זײַנ מילכ־קלאָרנ בליק אַנ אומרויִקײַט

געזענ, ווי ס'וואָלט דאָרט עפּעס געוועג ארײַנגעפאלנ. ער האָט מיט דער האנט נערוועז א מאכ געטאָנ, ניט קוקנדיק אינגאנצנ צו דער פרוי: „גיב איר, גיב איר נאָכ“...

די פרוי, דערהערנדיק דאָס, האָט זיכ ערשט רעכט צעבליפּעט, אז ס'האָט איר אָפּעט פארפעלט. איכ האָב קעסיידער געלייגט גראָשעלעכ אפ איר האנט ארופ. אָבער וואָס מער זי האָט געקריגנ, אלצ שטארקער האָט זי געהעשעט: „אָנ א דאָקטער... אָנ א ביסל גריצ... אונ ס'ברענט ווי ס'געהענעמ“...

מיר האָט די גאנצע זאכ שטארק האנאָע געטאָנ: עפּעס אזא פאומרוזקונג אינ ווײַסנ הויז, גלײַכ מ'וואָלט א שטיינדל געוואָרפנ אינ א גלאטיקנ וואסער-פלאכ.

אנ עלטערע דאמע, פאר וועלכער מ'האָט גראָד א גארדינ אופגעשפּרייט פארנ פענצטער צו ווײַזנ דאָס מוסטער, האָט יעדער מינוט דעמ שווערנ קאָפּ אופגעדרייט אינ דער זײַט פונ דער בעטלערנ אונ זי בייז אָנגעקוקט, מאכנדיק מיט דער האנט באמ אויער, וואָס זי שרײַט אזוי: זי האָט זיכ גיכ געהייסנ אײַנפּאקנ די גארדינענ, באצאָלט אונ איז מיט שנעלע טריט ארויס פונ געשעפט.

הער אדלער איז געזעסנ אונ זײַנ שטענדיק גלײַכהאלטנדיקער קאָפּ איז געווענ איבערגעבויגנ, באהאלטנ אינ די הענט. ער האָט אפילע ניט באמערקט, ווי די דאמע איז ארויס פונ געשעפט, האגאמ זי האָט צו אימ געבליקט, ער זאָל זי באגריסנ באמ אוועקגיינ, ווי ער פלעגט דאָס טאָנ בא יעדנ כאָשעווונ קוינע.

אזוי ארומ האָב איכ איצט געפונענ א וועג פאר געקאָמע. אז א צווייטע פארטיע בעטלערס איז ארײַנ, האָב איכ צוגעטראָגנ דאָס גאנצע שאכטעלע קליינגעלט פאר זייערע אויגנ אונ מיט אזא רייצ געקלאפּט מיט די מאטבייעס, קעדיי זיי זאָלנ מיר צורייזנ נאָכ געלט. איכ האָב ניט געדארפט לאנגווארטנ. אייגער, א צווייטער האָבנ אָנגעהויבנ ארויסשטעקנ פאר מיר זייערע צעבראָכענע אייוורימ אונ מיר געבעטנ: „וועסט דיר קויפנ אוילאָמהאבע, גיב נאָכ א נעדאָווע, קליינער!“

איכ האָב זיי אינדערשטיל געזאָגט:

„ווייגט פארנ באלעבאָס, וועט איר קריגנ נאָכ, ער איז א גוטער“.

מער האָט מענ ניט געדארפט. ס'האָט זיכ מיטאמאָל אזא כליפּערײַ דערהערט: „א וויסטע קאליקע“, „א יאָסעמ“, אז אלע אינ געשעפט זײַנענ אופגעשפּרונגענ. הער אדלער האָט זיכ א שטעל אופ געגעבנ בא דער ביורקע אונ א געשריי געטאָנ צו מיר: „גיב זיי דאָרט אונ אנ עק זאָל עס געמענ!

טיילנדיק זיי נאָכ געלט, אינגאנצנ שוינ לויט מײַנ אײַנזענ, האָב איכ זיי צוגעגעבנ ליישעק: „זעט איר שוינ!“

דאָס, ווײַזט אויס, האָט זיכ בליצ שנעל געמוזט פארשפּרייטנ צווישנ די אָרעמעלײַט. וואָרומ נאָכ איידער די קוילעס האָבנ זיכ געהאט אײַנגעשטילט אונ דאָס געשעפט האָט אָנגעהויבנ קומענ יצו זײַנ סאָלידער רוקײַט, איז א הויכער בעטלער ארײַנגעפאלנ. ער איז געווענ שווארצ פארוואָקסנ, מיט ברענענדיקע, צעצונדערנע אויגנ, א שטומער, האָט ער ארויסגעבראכט אזעלכע איימעדיקע קוילעס, ווי איינער, וואָס ווערגט זיכ:

„בעע, ביאאא, בייייי“, האָט ער געדימשעט אונ אויסגעשטרעקט די האנט.

איכ האָב אימ גלײַכ אונטערגעטראָגנ דאָס שאכטעלע געלט, כ'האָב שוינ ניט געהאט בא וועמענ אָנצופרעגנ, ווײַל הער אדלער איז געהאט אוועק פונ דער ביורקע,

וואָס האָט זיך געפונען קעגנ איבער דער טיר אינ צווייטנ עק צימער, האָב דערלאנגט איינ מאטבייע נאָכ דער אנדערער, אונ ער האָט אזוי בימער ארויסגעזאָגט: „ביעע..., ביאאא...“

מיר האָבנ די קוילעס זײַנע געגליווערט דאָס בלוט אינ די אָדערנ. איכ האָב שוינ אליינ מוירע געקראָגנ פאר דער דאָזיקער אָרעמער בעווּרע. עפּעס האָט מיר אויסגעדאכט, אז ער דערציילט פונ אזא פײַנלעכער, שווארצער וועלט, פונ אזעלכע געהענעמדיקע יעסורימ, ווו מענ ווערגט, מענ שמעלט זיכ מענטשנ אפ די גאָרגלענ אונ נימ מענ קענ אויסגיינ, נימ קומענ צו זיכ, נאָר מע בלײַבט אזוי פארשטעקט, נימ אהינ, אונ נימ אהער, אונ געטאָג ווערט דאָס אינ שווארצע היילנ, וואָס מענ זעט קיינמאָל קיינ אויסגאנג נימ. דאָס, האָב איכ געזענ, האָט נימ בלויז אפ מיר געווירקט. ווארומ בייס דעמ האָט א דאמע די טיר געעפנט אונ זי האָט מיט מוירע זיכ צוריקגעצויגנ, ביז דער שטומער וועט נימ ארויס. די מענטשנ פונ געשעפט האָבנ אימ קוימ מיט צאָרעס מעשאלייעב געווענ. אונ אזוי האָבנ אָג אופהער אָנגעהויבנ צוגנ פארשיידענע קריפּלענ, צעבראָכענע, הינקענדיקע, בליגדע. אלע האָבנ זיי געווײנט, אלע האָבנ זיי געביאדעט, אז מעג האָט זיכ קוימ געקענט אויסקויפנ.

אז קייגער איז אינ געשעפט נימ געווענ, האָט זיכ הער אדלער געפרעגט בא די מענטשנ: „וואָס איז מיטאמאָל געשענ? וואָס טוט זיכ דאָס אינ דער שטאָט: ס'איז דאָכ עפּעס עק וועלט מיט די אָרעמעלײַט!“

נאָכ מיטאָק, ס'איז אביסל שטילער געוואָרנ פונ זיי, מענ האָט שוינ אָנגעהויבנ פארגעסנ, די האמערקע האָט גענומענ אויסווישנ די שווארצע צייכנס, וואָס די אָרעמעלײַט האָבנ נאָכ זיכ געלאָזט; בא די קויפּס-טישנ האָבנ זיכ געפונענ עטלעכע קוינימ, וואָס זײַנענ געקומענ מיט א קאלע נאָכ אנ אויסשטײַער; אפ פארשיידענע טישנ האָט מענ אופגעוואָרפנ פארשיידענע סכוירעס אונ די דאמענ האָבנ געפּרווט, באראטנ זיכ, ערשט עס גיט זיכ אנ עפנ די טיר,—ווער ס'האָט זי געעפנט, איז נימ געווענ קלאָר—אונ עס גיט א פּראל ארײַנ א האלבער גופ פונ א מענטש אָנ פּימ, וואָס האָט זיכ גערעדלט אפנ אונטנ אונ מיט א האנט, אפ וועלכער עס איז געווענ אָנגעטאָנ א הילצערנע לאַפּע, האָט ער מיט איר געכאפּט דעמ שטעכ פאָרויס אונ זיכ נאָכגעצויגנ. דער האלבער מענטש האָט א שווארצ קרײַזלדיק בערדעלע געהאט, מיט א פּאָר רויטע בעקלעכ אונ מיט א פּאָר שווארצ-לאכנדיקע אויגנ, וואָס די מענטשעלעכ אינ זיי האָבנ אזוי ארויסגעלויכטנ, ווי פונ א לויטערנ שפּיגל. אינ קעגנזאצ צו אלע בעטלערס, האָט ער געשמייכלט פונ אזעלכע גרויסע ווײַסע צייג אדייס. עפּעס א פרייד א צעלאָכעסדיקע, א נעקאָמע-לאָקערנדיקע האָט ארויסגעפּראלט פונעמ שטיקל מענטש, אונ בא יעדנ באוועג פונ די גרילצנדיקע צוויי רעדלעכ, בא יעדנ פּאטש פונ דער הילצערנער לאַפּע אפ דער ערד אראָפּ האָט זי, די פרייד, אזוי פארביסנ ארויסגעקוואָלנ פונ אימ. אונ די פרייד האָט דאפּקע אופגעגרוילט. ס'איז דאָכ נימ מעגלעכ, אז אזא אומגליקלעכער זאָל אזוי לײַכטנ, אזא צופרידנקײַט זאָל אימ פונ די אויגנ ארויסקוקנ, ס'איז דאָכ נימ פּאָשעט, ווער וויים...

אלע זײַנענ אויסער זיכ געוואָרנ. ער האָט קימאט נימ גערעדט, געגרילצט מיט די רעדלעכ פונ איינעמ צומ אנדערנ אונ דורכ די ווײַסע ציינ האָט ער גיכער ארויסגעלאכט, ווי א גערעדאָווע געבעטנ:

„כע, כע, כעל עפּעס בעטנ...“

די ערשטע מינוט האָט מענ ניט געוווּסט וואָס צו טאָנ מיט אים. איכ האָב מיר געכאַפּט צום שאַכטעלע געלט, אָבער ער האָט די האַנט ניט אויסגעשטרעקט נאָכ א נעדאָווע.

די קוינעטעס, איבערהויפּט דאָס קאַלע-מיידל, האָבנ זיכ אָנגעהויבנ צונויפּרוקנ איינע צו די אַנדערע. די מענטשנ אינ געשעפט זײַנענ פאַרשטיינערטע געבליבנ, יעדער מיט דעמ, וואָס ער האָט אינ האַנט געהאַלטנ. הער אַדלער איז געזעסנ, ווי ער וואָלט זיכ געשעמט מיט וועמענ צו באַגעגענענ מיט די בליקנ, אונ האָט דעמ קאָפּ אָפּגעקערט, אונ דער קאַליקע האָט זיכ גערימשט אונ געשמייכלט.

מיר האָט זיכ אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז א טריומפ-שמייכל. ער האָט עפּעס מיט אַנ אויסערגעוויינלעכנ קויעכ אַלעמענ אַנטוואָפנט אונ באַצוווּנגענ. כ'בינ זיכער געווענ, אַז ער וואָלט געקענט צונעמענ דאָס גאַנצע געשעפט אונ קיינער וואָלט ניט געוואַגט א פּיפּס צו טאָנ.

סאָפּקאָלסאָפּ האָט ער צוגענומענ א פּאָר מאַטבייעס, וואָס איכ האָב אים אינ דער טאַש אַרײַנגעלייגט, אונ ער האָט מיטנ אייגענעמ שמייכל זיכ אַרויסגערעדלט. אַז ער איז שוינ אַפּ דער אַנדערער זײַט טיר געווענ, האָט ער דעמ קאָפּ אויסגעדרייט אונ האָט א לעצטנ שמייכל אַרײַנגעגעבנ, וואָס האָט עפּעס ווי א וואָרענונג אָנגעזאָגט.

א פּאָר מינוט איז טויט-שטיל געווענ, ביז די מיידלעכ, די פאַרקויפערנס, האָבנ אויס פּליכט זייערער אָנגעהויבנ צוריק ריידנ מיט די קוינים. הער אַדלער האָט זיכ באַלד נאָכדעמ אויפגעהויבנ פונ דער ביורקע, עטלעכע מאָל א פיר געטאָנ די האַנט איבערנ שטערנ, געזאָגט „א גוטנ טאָג“ אונ גלײַכ אַהיימ געגאַנגענ.

דעמ צווייטנ פרײַטיק איז הער אַדלער אינגאַנצנ אינ געשעפט אַרײַנ ניט געקומענ, אַזוי אויכ דעמ דריטנ אונ ווײַטער. איכ האָב געטיילט צדאָקע מיט א ברייטער האַנט אונ אינ „ווײַסנ הויז“ האָבנ זיכ געהערט געוויינענ ווי צענ מייסימ וואָלטנ אַפּ דער ערד געלעגנ.

ש. ראָסין

# טרײַהײַט*)

1

אין רעגן, אין ווינט און אין שנייען,
דורך בערג און דורך וועלדער, דורך סטעפ
מיט א מאכנע געפרווטע ארמייער
האָט מישקע אהיים זיך געשלעפט.

זיי זײַנען באראָשים געגאנגען,
אין געטרעס אין גרינע פארשנורט;
די ביקס אפן אקסל געהאנגען,
שווערע גראנאטעס באם גורט.

געריסן אהיים האָט זיך מישקע,
ווי ס'רײַסט זיך א כוואליע צום ברעג,
נאָר ס'האָט זיך דער זוי באָפּעלישקעס
געשטעלט, ווי א שטײַן אים אין וועג.

אין גענגט—ארײַנגעדרונגען —
די דערפער ער פײַניקט, ער צינדט;
צונויפגענומען די יונקערס
און באלעגופישע זין.

פארפעסטיקט ער האָט מיט זײַן קומען
באם מאטן אין פאלעצ—זײַן שטאב;
די פריצישע ערד אָפּגענומען,
צוריק די מאכט פארכאפט.

*) פונעם צווייטן טייל פון דער פאָעמע „זין און טעכטער“.

ער קענ אלצ זײַנ צאָרנ גיט זעטנ —
אומקום פארזייט ער אונ גרויל, —
נעקאָמע ער נעמט פאר סאָוועטנ,
פאר זײַנ ערד, וואָס מע האָט צעטיילט.

ער האָט אינעם נעגנט פארשפונעג
פונ פינצטערנ שפינוועבס זײַנ נעצ:
קעגנ סאָוועט אונ קאָמונע,
קעגנ די ייִדנ ער העצט.

ער צווינגט איצט די פויערים טראָגנ
דעמ יאָכ פונעמ פּאָרעצ אונ צאר,
ער פירט זיי מיט גוואלד זיכ שלאָגנ
קעגנ דער רויטער נעפאר...

זאמלענ זיכ אופ אינ די וועלדער
בעהדיקע שאטעס אונ זינ, —
„איצינדער דעמ פּאָרעצס געוועלטיקנ,
באקומט נאָר אנ אנדער זינ...“

זאמלענ זיכ אופ פארטיזאנער, —
דער וואלד האָט מיט צאָרנ צעברויזט, —
אונ מישקע — מיט זיי צוזאמענ —
אינ שלאכט קעגנ ברודער ארויס...

2

זיי זײַנענ דעמ שטאב אונ דעמ פּאלעצ באפאלנ
פלוצלינג אינמיטנ דער נאכט, —
אלע פאר איינעמ אונ איינער פאר אלע
אונ מישקע — דאָס הארצ פונעמ שלאכט.

ער איז דאָכ א היגער, ער ווייס אלע וועגנ —
ער האָט דאָכ צו דעמ זיכ נעגרייט;
ער האָט נאָכ אמאָל אינ דעמ דאָזיקנ געגנט
בלעטלעכ פונ „איסקרא“ פארשפרייט.

ער האָט דאָ אמאָל מיטנ באוער סטעפּאנענ
נעטרוימט פונ דער דאָזיקער צײַט, —
פירט ער איצינדער נאָכ זיכ פארטיזאנער
אינ לעצטנ אנטשיידענעמ שטרײַט.

דאָ האָט מען זײַן זיידנס לוקיגע געפּײַניקט,
פונדאַנען פאַרשיקט אין סיביר, —
דאָ האָט מען וואַרוואַרן—די מוטער זײַנע
אין גרויזאַמער קנעכטשאַפט—פאַרפירט.

דאָ האָט מען דעם פויער אָן אויפהער גערוידעפט —
די טעכטער פאַרשקלאַפט און די זין, —
פאַר צאַר פון די מאַמעס, פאַר פײַן פון די זיידעס
וועט מישקע באַצאָלן אַצינד.

„זאָל פּלאַצן די ערד, און דער הימל זאָל פּלאַצן!
צערײַסט זי אַף שטיקער די נאַכט, —
רו די געצעלטן, קריג די פּאַלאַצן,
די ראַטן די גאַנצע מאַכט!“

3

נאָכן שלאַכט האָבן בעורע פּאַרטיזאַנער
א לאָז גענומען זיך נישטערן אין הויף, —
„קיינעם, קיינעם, ניט אַרויסלאָזן פון דאַנען,
דעם הויף פאַרפּרעסן אין א שטײַפן רייף.

עפּשער איז נאָך עמעצער פאַרבליבן
און באַהאַלט זיך דאָ אין ערגעץ אויס.
שלעפּט אַרויס זיי פון די שוואַרצע גריבער,
יעדער ווינקעלע באַזוכט אין הויז.

עפנט אויף די שפּײַכלערס און די שטאַלן,
די אַמבאַרן אומעטום באַזוכט!“
נאָר צעלאָפן אינעם פּאַניק זײַנען אַלע,
אויסגערונען זייער בייזער דוך.

זיך צעלאָפן ווי די שרעקעוודיקע האָזן
און ניט אומגעקוקט זיך גאָר צוריק, —
צוויי מאַרטירערס דײַטשישע פאַרלאָזן,
א קוילנוואַרפער און א בראָנעוויק.

און איצט—אין שטאָט מיר דאַרפן בעורע, שפּאַנען —
דאָרט ראַנגלט זיך דער ראַט שוין פיר מעסלעס, —
פאָרויס, פאָרויס, באַוויירים פּאַרטיזאַנער,
מיר וועלן זײַן דאָרט זייער גוטע געסט...

שטעלט אוועק א וואכ דאָ בא דעם פאלעצ,
זיי זאָלנ מער ניט קערנ זיכ אהער...
אונ זאָל א ליד א מונטערע צעשאלנ
אונ מישקע זעצט ארופ זיכ דער ערשטער אפנ פערד...

4

ס'האָט די שטאָט זיי נאָכנ שטורעם
באַגעגנט שטרענג אונ וואכ
נאָכ זײַנענ פריש געווען די שפּורנ
פונעם הארבנ שלאכט.

ס'האָט א וואכ דעם וועג פארשטעלט זיי
כעוורע, ווארט נאָר אויס;
ס'איז אליינ צו זיי דער עלטסטער
פונ טשעקא ארויס, —

הוי, איר ליבינקע בראטאָנעס,
בראווע יונגענ, שטייט —
זאָגט, ווער זײַנט איר אונ פונוואנענ,
אונ וואוהינ איר גייט.

ניט געטומלט, ניט געהיצט זיכ,
ענטפערט, אויב איר קענט:
אַפער וועג פונוואנענ ציט זיכ
אונ וואוהינ זיכ ווענדט?

גרויס אינ לאנד איז די מעהומע
דארפ מענ וויסנ, זאָגט,
צי מיט גוטס זײַט איר געקומענ,
צי א שטיינ אינ בוזים טראָגט...

— נאָר אינ זאָטל מישקע שטעלט זיכ —
נו, גענוג געשפּאסט!
אונ ער ווענדט זיכ צו דעם עלטסטנ,
כאזער וולאס!

נאָר עס פעלנ מישקענ ווערטער,
ס'טראָגט אוועק אים ווײַט דער קאָפּ
אונ פונ פלינקנ פערד דער ערשטער
מישקע שפּרינגט אראָפּ.

— שוין אזוועק אזויפיל יאָרן,
פון דעם פּראָנט איך קום, —
און מיט ברייט צעשפּרייטע אָרעמס
וואלאָסג נעמט ארום.

— נעמ אונדז אופ, ווי גוטע געסט דאָ,
ניט געטראכט קיין סאך...
און עס האָט זיי דער אָרקעסטער
מיט א מארש אין שטאָט געבראכט.

5

און מיט פאַרהייבענעם בלאנקענדן שווערד
באַם אָפענעם קייווער פון זיידן ער שווערט
באַפרײַען פון סוינע די טײַערע ערד
וואָס האָט זיך מיט שוויים פון זײַן זיידן דערנערט.

דערנאָך האָט הראָמאדע זיך ריידן געשטעלט.
ער האָט זיך א ריס געטאָן האַסטיק פון אָרט,
באַזויערט וואָס יאָסל אצינדער דאָ פעלט.

— ס'איז העלער פאַרוווּנדעט, ער ליגט אין שפּיטאָל,
א צימער געטאָן האָט זײַן ברוסטיקער קאָל,
עס האָבן הראָמאדעס ווערטער געפעלט
און ער האָט געגעבן ווארווארען א וואָרט.

געווען איז איר פּאָנעם דורכזיכטיק קלאָר
א זילבערנער טוי האָט באַשפּריצט אירע האָר,
א לוימערע שײַן פון איר אויג האָט געשטראלט.
איר קאָל האָט צעשטראָמט זיך אזוי ווי א קוואל
און ווי א פּלייט האָט געציטערט איר קאָל.
מיט טרויער געמישט און מיט פריידיקן שטאָלץ. —
„—איך האָב דאָ מײַן טאטן צו קווורע געבראכט,
וואָס איז ווי א ריז דאָ געפאלן אין שלאכט
פארן פאָטערלאנד, פאר דער ראטנמאכט“.

זי האָט פארן קייווער מיט זיך פאַרנייגט,
א טרער האָט געציטערט בא איר אינעם אויג.

דערנאָכ האָט זיכ װאריע א רעגע פארטראכט,
צו מישקענ די האַנט אפּנ אקסל פארלײגט
אונ מיט דעם שטאָלצ װאָס א מוטער פארמאָגט
האָט װארע צומ טאטנ געזאָגט:

— מײַנ זונ װעט פארבײַטנ דיכ לוקינ אינ שלאכט.
מײַנ זונ אונ מיר אלע, אונ איכ אלײנ
אינ לעצטנ אנטשײדענעמ שלאכט װעלנ גײנ.

דאָס פאָלק װאָס באפרײַט האָט פונ פּריצימ די ערד
װעט זיכ ניט לאָזנ פארשקלאפנ מער.
מיר װעלנ די סאָנימ פארניכטנ ביז גרונט!
ס'איז לענינ מיט אונדז. ס'איז סטאלינ מיט אונדז!
זײ פירנ אונדז אלע צו פרײַהײַט, צו גליק,
דאָס פאָלק דאָס באפרײַטע איז אומבאזיגט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אונ גלײַכ פונעמ קיװער איז מישקע אװעק
מיט די פארטיזאנער אינ װעלדער צוריק
מיט צאָרנ אינ הארצ אונ מיט ליבשאפט אינ בליק
זיכ שלאָגנ פאר ליכטיקע גליקלעכע טעג
קעגנ דער שליאכטע װאָס מערדערט אונ שטיקט
איז מישקע צוריק אינ די װעלדער אװעק.

---

אײַזיק פלאטנער

# טשארלי טשאפלינס קאָסטיומ

די אווגוסט=זונ האָט געבאקט טשארלינ אינ פלייצע. אינדערפרי איז ער אוועק פונ דער היימ, זײַנ טאטע דער הײַבער סוטולעוואטער שנײַדער, וואָס זעט אויס ווי אנ איבערגעבערענטער צעבויגענער טשוואָק, האָט בייסטײַסע געזאָגט איינעמ פונ זײַנע שנײַדערישע וויצנ—„גיי, האָט ער געזאָגט, נעמ אײַנ אמעריקע, מײַנ טשארלי, אז ער וועט זיכ נאָר געבנ א לאָז ארויס איבער דער מעדינע וועט זיכ אָפטאָנ כוישעב. זע נאָר, אז דו זאָלסט קומענ צוריק מיט גאַנצע הויזנ".

אָט דער דאָזיקער שנײַדער, טשארלינס טאטע איז זייער א פריילעכע ברויע, ער שטייט גאַנצענע טעג אינ זײַנ קליינעמ קרעמל, פרעסט די אלטע הויזנ אונ רעקלעכ, לאַטעט, רייניקט אונ זאָגט וויצנ.

— מײַנע קינדער,—מיינט ער,—זײַנענ זייער ווילע, נאָר איינ כעסאָרנ האָבנ זיי, זיי ווילנ עסנ. אָדער אגיט, גיט ער א זאָג,—ווענ איכ וואָלט געווענ דער פרעזידענט, וואָלט איכ אינ אזעלכע הייסע טעג קעסיידער געגעסנ מאראָזשענע, אונ מײַנ ווײַב וואָלט געשטאַנענ מיט א פאָכער אונ אפ מיר געפאָכעט.

טשארלי האָט איבערגענומענ פונ זײַנ טאטנ דעמ גרויסנ שנײַדערשנ אָפטימיזמ אונ פריילעכקייט. אונ ווי א קינד פונ זײַנ שטאָט באלמעלאָכעס איז ער אויכ געווענ באגאבט, ער האָט געקענט זינגענ, ער איז געווענ א טאלאַנטפולער אקטיאָר אונ גע=שפילט די שענסטע ראָלנ אינ היימישנ דראמ-קרײַז באמ יוגנט=קלוב. ער האָט אויכ געקאָנט מאָלנ.

אפ די ניו=יאָרקער שנײַדער, זאָגט מענ, אז זיי וועלנ נאָכ אמאָל האָבנ אנ אייגע-נעמ פרעזידענט אונ רעגירנ מיט גאַנצ אמעריקע, אז וויל אונ גוט וועט זיי דעמאָלט זײַנ.

דער ערשטער, וואָס האָט אויפגענומענ טשארלינ אפ זײַנ אווטאָמאָביל איז געווענ א ליפעראנט פונ מאטעריאלנ צו וועג=בויונג. א מענטש, וואָס נעמט אופ אזעלכע „פאסאזשירנ" צוליב פריילעכקייט.

טשארלי איז אימ געפעלנ, א באריידעוודיקער באָכער מיט זייער א לעבעדיקער, בילדערישער שפראכ, ניט קיינ פוילער. ער האָט אימ מיטגענומענ מיט זיכ אינ דער בוי=קאָנטאָר, וואָס האָט זיכ געפונענ ארומ אכציק קילאָמעטער אָנ א זײַט פונ הויפט=וועג. דאָרט איז טשארלי געבליבנ (אפנ ליפעראנטס אויסהאלט) צוויי טעג.

נאָכדעמ זײַנענ זיי ווײַטער געפֿאָרנ ביז דער נאָענטסטער שטאָט און טשאַרלי האָט זיכ מיט זײַנ גוטנ פֿרײַנט געזעגנט, ער איז געגאַנגענ זוכנ נײַע באַלאָנימ אַפֿ זײַנ פֿרײלעכקײַט.

אינעמ שטעטל הינגאָ האָבנ אימ אָפּגענומענ אַוטאָמאָביל-לויפֿער. זיי זײַנענ געפֿאָרנ צומ דאָרטיקנ יאָר-יאַריד דורכפֿירנ א לויפֿ-געוועט אַפֿ יאָג-אַוטאָמאָבילנ. פֿונ דאָרטנ איז ער געפֿאָרנ ווײַטער מיט אַנ אַלטנ פֿריילעכנ פֿערמער, וואָס האָט געבראַכט צומ יאַריד אויסצושטעלנ שיינע הינער. זײַנע הינער זײַנענ זייער נעפֿעלנ געוואָרנ, דער אַלטער איז אַהיימ געפֿאָרנ פֿריילעכ. אַפֿנ אַלטמאָדישנ „פֿאָרד", א הויכע מאַשינ, וואָס האָט זיכ גייענדיק געשאָקלט ווי אַפֿ שטאָלצנ, האָט ער אָנגעשטעלט די שטײַגנ מיט הינער, לעבנ באַלעבאָס איז געזעסנ די פֿערמערקע און הינטער זיי טשאַרלי. די הינער האָבנ געקוואָקעט. דער „פֿאָרד" האָט געפֿירסקעט, ווי ער וואָלט געהאַט א קאַטער. איבערנ וועג איז געווענ פֿריילעכ. אַלע פֿאַרבײַפֿאָרער האָבנ געלאַכט דאָס גרעסטע געלעכטער. דער אַלטער פֿערמער איז געווענ אביסעלע אויסגעטרונקענ און פֿונ גרויס געדולע האָט ער אויסגעקערט דעמ אַוטאָמאָביל מיט די הינער און פּאַסאַזשירנ אינ א גראָבנ ארײַנ.

טשאַרלי האָט אימ א האַלבנ טאָג געהאָלפֿנ צוריק אופֿשטעלנ די „בויד" און צו נאַכט צו איז ער אָנגעקומענ אינ א ווילד-פֿרעמד שטעטל.

אַפֿנ וועג איז טשאַרלינ אויסגעגאַנגענ דער לעצטער סענט, האָט ער בא א קרעמער אָנגעמאָלנ א שילד אַפֿ א טיער, באַקומענ צו עסנ, א האַלבנ דאָלער און ווײַטער געגאַנגענ.

ווענ ער האָט זיכ איבערצײַגט, אַז זײַנ מאָלער-טאַלאַנט ווערט דאָ אינ נענגט גוט אָפּגעשאַצט האָט ער באַשלאָסנ פֿאַרלייגנ דעמ אָרטיקנ גאַלעכ פֿונ א קליינ שטעטל זײַנ מאָלערישע קונסט. דער גאַלעכ האָט זיכ געגייטיקט אינ א קינסטלער, וואָס זאָל אימ מיט גאָלד-פֿאַרב אָפּמאָלנ א מאַדאָנע און דעמ אַלטאַר.

דאָ איז מיט טשאַרלינ פֿאָרגעקומענ א מערקווירדיקע געשיכטע.

באַמ גאַלעכ איז געווענ א קעצל זייער א שיינס, בײַמ טשאַרלי איז געשטאַנענ אינ געמאָלנ די מאַדאָנע האָט זיכ דאָס קעצל אופֿגעזעצט קעגנאיבער ווארעמענ אינ דער זונ. דערמיט האָט זיכ טשאַרלינ פֿאַרגלוסט אָפּצושמירנ דעמ קעצל די ווענצעלעכ מיט גאָלד-פֿאַרב. ס'איז טאַקע שיינ אויב—א קעצל מיט גאָלד-קאָלירטע ווענצעלעכ, ער האָט דאָס קעצל אַרומגעפֿאַרבט דאָס מאָרדעלע און ס'איז ווײַטער געבליבנ זיצנ זיכ ווארעמענ אינ דער זונ.

דאָס קעצל האָט בעעמעס אויסגעזעענ ווונדערלעכ, נאָר טשאַרלינ האָט דער גאַלעכ דערפֿאַר אָפּגעזאָגט פֿונ דער אַרבעט. ער האָט אימ פּאַשעט ארויסגעטריבנ דערפֿאַר, וואָס ער האָט אימ פֿאַרשוועכט די הייליקע מאַדאָנע.

אינ קענזעס-סיטי איז טשאַרלי געפֿאָרנ מיט פֿערמער-ווייצ-פּלאַנצער, וואָס האָבנ זיכ מיטנ גאַנצנ האָב און גוטס געשלעפּט אינ אַנ אַנדער שטאָט ארײַנ, קעדיי צו געפֿינענ אַרבעט.

דערנאָכ איז ער געפֿאָרנ מיט א מילכאָמע-וועטעראַנ, דערנאָכ מיט א טשיקאַגער טראַמוויי-קאָנדוקטאָר, וואָס האָט פֿאַרלוירנ די אַרבעט און איז געפֿאָרנ זוכנ גליקנ אינ קאַליפֿאָרניע. דער קאָנדוקטאָר האָט געהאַט אַנ אַוטאָמאָביל, נאָר קיינ געלט אַפֿ

בענזינ האָט ער ניט געהאט. אפנ ווענ האָט ער אופגענומענ „פאמאזשירנ", וואָס האָבנ אים אויסגעהאלטנ מיט בענזינ אונ אפ אזא אויפנ אים אליינ געגעבנ א מעגלעכקייט צו דערשלעפנ זיכ קיינ לאָס-אנדזשעלעס.

עס איז מאמעש אומגלעכ אויסצורעכענענ מיט וויפל אווטאָמאָבילנ פונ וויפל פירמעס טשארלי איז אלצ געפאָרנ.

אים האָט זיכ דאנ ארויסגעוויזנ, אז גאנצ אמעריקע פאָרט זוכנ ארבעט, אפ די קרייצ-וועגנ האָט ער זיכ באגעגנט מיט טויזנטער יונגעלייט, וואָס האָבנ זיכ פונקט ווי ער געשלעפט פונ שטאָט צו שטאָט.

די אספאלט-וועגנ פונ אמעריקע האָבנ געגליט אפ דער זונ. לאנגע, שווארצע, גלאטע וועגנ, עלעגאנטע וועגנ, איבער זיי האָבנ זיכ געטראָגנ די וונדערלעכסטע מאשינעס מיט די פארשיידנסטע פארשווינגענ.

טשארלי האָט דערמיט געזענ גאנצ אמעריקע. די פינצטערע שאכטיאָרנ-שטיבלעכ פונ שטאט פענסילוואניע, די קוקורוזע-פעלדער פונ אָהייאָ, די באנ-קנופנ פונ טשיקאגאָ, די וועלדער פונ ווייאָמינג, די זאמדנ פונ ניו-מעקסיקאָ, די אינדיאנער, וואָס זיצנ דאָרט אפ די וועגנ אינ דער גליענדיקער זונ, ווי אנ איבערבלייבעכצ פונ אלטע צייטנ, זיי לייגנ פאָר ליימענע טעפלעכ—זייער אויסארבעטונג,—צומ קויפנ, זיי לייגנ פאָר זייער סכוירע אָנ א וואָרט, זיי שווייגנ גערעכטיק פארביסנ. פאר זייערע אויגנ טראָגט זיכ דורכ גאנצ אמעריקע אינ אווטאָמאָבילנ. פאר זיי איז געבליבנ ניט מער ווי די קליינע ליימ-שטיבלעכ. א קליינ הייפעלע זיינענ זיי, זיי שטארבנ אויס צו ביסלעכ, נאָר די אוולע פונ בארויבנ זייער לאנד וועלנ זיי שוינ קיינמאָל ניט פארגעסנ.

טשארלי האָט ענדלעכ דערזענ די קאקטוס-פעלדער פונ קאליפאָרניע. אינ דער גליענדיקער זונ האָבנ זיי אויסגעזענ ווי אויסגעקרימטע אָרעמאנסקע הענט.

וואָס נענטער ער איז געקומענ צו לאָס-אנדזשעלעס, אלצ מער איז אים באפאלנ א צווייפל. די שיינע זאָרגלאָזע פריילעכע רייזע, וואָס מוז זיכ דאָכ אמאָל ענדיקנ, האָט זיכ ענדלעכ געענדיקט. איצט וועט ער דארפנ נעמענ זוכנ גליק.

ער האָט שוינ דאָ געטראָפנ טויזנטער, וואָס קערנ זיכ אומ צוריק פונ דאָרט. זיי קוקנ אפ אים מיט יענעמ באדויערונג-שמייכל פונ מענטשנ, וואָס זיינענ פאר דער צייט געוואָרנ באוווסטזיניק, האָבנ זיכ אָנגענומענ מיט דערפארונג אפ א גאנצ לעבנ. זיי ווייסנ שוינ, אז אינ אלע שטעט פונ אמעריקע איז פונקט דאָס זעלביקע.

אמעריקע זעט אויס, ווי א ביליקער בורלעסק-טעאטער, אינ דרויסנ פאר די טירנ זיינענ אויסגעמאָלט די צוציענדיקסטע, רענגדיקסטע בילדער, וואָס רייצנ דאָס אויג אונ שלעפנ אריינ דעמ באזוכער. ער באצאָלט זיינע פאָר סענט אונ אינווייניק זעט ער די אלטע באקאנטע אָפגעפארבטע מיידלעכ אָנ קליידלעכ, וואָס טאנצנ מיד אפ הויכער בינע, אונטער די טענער פונ א נעגערישנ דזשאז-אָרקעסטער, די מיידלעכ אונ די נעגער זעענ אויס ווי אלטע שלעפ-פערד, מיט אראָפגעלאָזטע הינטערשטע ליפנ. דער באזוכער גייט אוועק פונ דאָרטנ אָנ אנטוישטער, נאָר פונ גרויס אומעט גייט ער אינ א קורצער צייט ארומ נאָכאמאָל אינ א בורלעסק-טעאטער פאר פינפ סענט.

טשארלי איז איצט דאָס ערשטע מאָל אריינ אינ דעמ בורלעסק-טעאטער—אמע-

ריקע. יענע, וואָס קערנ זיכ איצט אומ האָבנ שוינ די שפּיל געזענ אינ זיי שמייכלענ באַרעמטונגספול אונ ביטערע.

די אַפּעלסינענ־וועלדלעכ האָבנ געשמעקט אינ די פאָרשטעט פונ לאָס־אַנדזשעלעס, די פּאַלמענ האָבנ געשימערט אינ דער זונ, אינ לאָס־אַנדזשעלעס איז פּאַראַנ וויגציקע שאָטנ, די לאַנדשאַפט איז אַנ אָנגענעמע, דער מענטש, וואָס קומט אַהינ צומ ערשטנ מאָל פילט זיכ געפּלעפט פונ צופיל זונ.

משארלי איז געגאַנגענ אינ דער אָפענער ליכטיקייט. אימ האָט זיכ געדאַכט, אַז אַלע פאַרבײַגייער ווייסנ שוינ צוליב וואָס ער איז אַהער געקומענ אונ זיי זײַנענ מאַקע בײַז אויכ דערפאַר,—קנאַפּ אייגענע ליידיקגייער, שלעפּנ זיכ נאָכ אָנ אַזויפיל אָנשיקעניש פונ אומעטום. אָט דער ערשטער געפיל האָט שוינ משארלינ ניט פאַר־לאָזנ ביז דער לעצטער מינוט, ווענ ער האָט געמוזט צוריק אַוועק פונ דעמ נאַ־ניידנ־שטאַט.

אינ די לאַנגע טעג אונ וואָכנ, וואָס ער האָט זיכ אַרומגעדרייט אינ שטאָט זוכנ אַנ אַרבעט האָט ער פּיינט געקראָגנ די פּאַלמענ. אימ האָט זיכ קעסיידער אויסגע־וויזנ, אַז זיי זײַנענ ניט קיינ נאַטירלעכע, מע האָט זיי דאָ אומיישנע אַוועקגעשטעלט, קעדיי צו רייצנ זיכ מיט אימ. ער האָט ביכלאַל צוליב די דאָזיקע פּאַלמענ געהאַט דעמ אײַנדרוק, אַז ער געפינט זיכ ערגעץ אַפ א וואָקזאַל, אינמיטנ וועג, ער וואַרט לאַנג אַפ א צוג אונ די קינסטלעכע פּאַלמענ דערקוטשענ אימ דאָס לעבנ.

ער איז געווענ אינ מעקסיקאַנישנ קוואַרטאַל אונ געזענ די שיידערלעכסטע אָרעמ־קייט. ער האָט זיכ אומגעוואַלגערט אינ יידישנ קוואַרטאַל צווישנ די קרעמער אונ שנײַדער, נאָר קיינ האָלעוואָד האָט ער זיכ ניט געקאָנט דערשלאָגנ, האָלעוואָד איז אַנ אָפּגעשלאָסענע שטאָט פונ סטאַרס—מיליאָנערנ. יעדער אַקטיאָר זיצט האַרט אינ זײַנ פּאַלאַצ אונ קיינעמ לאָזט מענ אַהינ ניט צו, נאָר מיט א באַזונדער אײַנלאַדונגס־בילעט.

משארלי האָט זיכ אַרומגעטראָגנ אונטער דער שטענדיק גליִענדיקער זונ פונ לאָס־אַנדזשעלעס, עס האָבנ אימ געסאַרפּעט די הייסע שטראַלנ. באַטאָג איז אימ געווענ הייס, באַנאַכט האָט ער געציטערט, ווײַל באַנאַכט איז אינ יענע געגנטנ קאַלט.

ער האָט איינמאָל אײַנמיטנ טאָג דערזענ ווי אינ א הויפ אַפ איינער א הויפט־גאַס אַפ א קליינ צײַטווײַליק סצענעלע טרעטנ אַרויס אַקטיאָרנ—ליליענ גיש, גרעטע גאַרבאָ, דזשאָנ באַרימאָר, משארלי משאַפּלינ, די סאַמע גרעסטע סטאַרס פונ דער אַמעריקאַנער קינאָ־וועלט. ער איז צוגעלאָפנ אַהינ ווי א משוגענער, ער האָט זײַנע אויגנ ניט געגלייבט, ווי איז דאָס מעגלעכ? אונ ס'איז מאַקע ניט מעגלעכ אויכ—דאָס זײַנענ נאָר געווענ אַלצ אַזעלכע טיפּנ ווי משארלי—מענטשנ, וואָס ווילנ אָנקומענ אינ קינאָ, זיי קאָפּירנ די ראָלנ פונ גרויסע סטאַרס, זיי העלפנ מאַכנ רעקלאַמע פאַר די קינאָ־אײַגנטימער.

משארלי האָט זיכ גוט נאָכגעפרעגט וויאַזוי מע באַקומט די מעגלעכקייט כאָטש צו דובלירנ, כאָטש באַווײַזנ דעמ טאַלאַנט. ער האָט באַקומענ א משארלי־משאַפּלינ־קאָסטיום (דאָס קריגט מענ אַפ פּראָקאַט אָדער צו קויפנ פאַר א ביליקער פּרײַז) אונ פונדעסטוועגנ איז ער איינמאָל אַרויסגעטראָטנ. די נײַגעריקע צושויער—מענטשנ פונ גאַס, האָבנ אימ אַפילע אַפּלאָדירט—עס זאָל פעלנ א האָר—משארלי משאַפּלינ.

נאָכדעמ איז ער ווידער ארומגעגאנגענ שלינג אונ שלאנג. עס איז שוינ געווענ סאָפּ סענטיאַבער, קיינ אקטיאָר איז ער ניט געוואָרנ אונ קיינ אנדער ארבעט האָט ער אויכ ניט באקומענ. זיינע איינענע קליידער האָבנ זיכ צעריסנ, זיינע שיכ האָבנ זיכ אויסגעטראָגנ, ער האָט אָנגעטאָנ זיינ איינציקנ טשארלי-טשאפלינ-קאָסטיומ אונ איז ארויס אויפ: שטאָט אופשטעלנ די האנט אונ בעטנ בא דורכפאָרער זיי זאָלנ אימ אופנעמענ.

ער האָט דעמאָלט אויסגעזענ ווי טשארלי-טשאפלינ אינ לעצטנ מאָמענט פונ זיינ בארימט בילד—„פייערנ פונ דער גרויס-שטאָט“ ביים דאָס מיידל ווערט זעעוודיק, זי גיסט אימ אָפּ מיט שמוציקע וואסער אונ ער גייט אוועק א פארשעמטער, פארלאָרנ אלע האָפענונגענ, איינינקער אליינ.

טשארלינ איז פונדעסטוועגנ געווענ פריילעכ, ער איז געגאנגענ איבערנ אספאלט-וועג אונ געשפּילט טעאטער—אלע ווילע, ווי טשארלי טשאפלינ געצויגנ דאָס הארטע שליאפּקעלע. דאָס איז אלעמענ זייער געפעלנ געוואָרנ אונ מע האָט אימ גערנ אופגענומענ אפּ דער רייזע.

ער איז צוריקגעפאָרנ אונ געזענ, ווי אינ די וועלדער פונ וויאָמינג ווערנ די בלעטער ווי קופּער, ער האָט געזענ די נאקעטע, אָפּגעקליבענע פעלדער נאָכנ שניט. טשיקאגאָ האָט זיכ געשטיקט אינ רויכ. איבער פענסילוואניע זיינענ שוינ געהאנגענ הארבסטיקע כמארעס. נענטער צו ניו-יאָרק האָבנ געטריפט קאלטע נודנע רעגנס. אונ די באגינענס זיינענ געווענ כווישעבדיקע, מיט נאסע שנייענ, עס האָט זיכ גערוקט דער העסלעכער ווינטער.

זיינ טאטע, דער הויכער, סומולעוואטער שניידער, וואָס זעט אויס, ווי א איבערגעברענטער צעבויגענער טשוואָק, שטייט דאָרט איצט אינ זיינ קרעמל אונ זאָגט וויצנ:

„מיינע קינדער זיינענ זייער ווילע, נאָר איינ בעסאָרנ האָבנ זיי, זיי ווילנ עסנ“ (דעמ וויצ זאָגט ער א גאנצ יאָר).

„ווענ איכ וואָלט געווענ דער פרעזידענט, וואָלט איכ אינ אזעלכע קאלטע טעג קעסיידער געלעגנ הינטער דער קאָלדרע, געגעסנ ווארעמע קנישעס אונ מיינ ווייב וואָלט מיר געלייגט הייסע קאָמפּרעסנ צו די פיס“.

ווענ ער וועט קומענ צוריק אהיימ וועט דער טאטע געוויס א זאָג טאָנ—„באָרעכ האבא. דער גאסט איז דאָ! מאכט א ווארע! רוקט ארויס דעמ אויוונ! גרייט צו די קופּערמס וועט ער נעמענ שיטנ דאָס גאָלד“. נאָכדעמ וועט אימ די מאמע דערלאנגענ עפּעס צומ עסנ.

הײַנט ווי קומט מענ עס אהיימ אינ אזא הוילעכ?

טשארלי איז אָנגעקומענ קיינ ניו-יאָרק באגינענ. איבערנ שטאָט איז אויסגעפאלנ דער ערשטער געדיכטער שניי.

עס האָבנ נאָכ געברענט אלע פייערנ אינ שטאָט, די עלעקטרישע רעקלאמעס האָבנ געגליט אינעמ שניי-פאל. די איבער-באנענ זיינענ געפלויגנ איבער די ווייסע דעכער אונ בריקנ, באפאטשט אונ באקלעפּט מיט שניי-פלימערנ.

דער שניי איז נאָכ געלעגנ ווייס, אומבארירט אונ אומשולדיק. באלד וועט זיכ אָנהייבנ דאָס גרויסע געיעג פונ דער שטאָט, דער זיבערער שניי וועט צעטאָפּטשעט ווערנ אינ בלאָטע.

טשארלי איז געשטאנען אינ די צוויי טשאפּלינ-שיכ—איינער אהער אונ איינער אהינ אונ ניט געוווסט ווי צו גיינ. ער האָט דערזען ווי הינטער א סקוער קלײַבנ זיכ מענטשנ. זיי גייענ אָנגעטאָנ אינ לײַכטע רעקלעכ מיט אופגעשטעלטע קעלנער. זיי קלײַבנ זיכ אונ ציטערנ פונ קעלט. טשארלי האָט ווידער דערקאָנט זײַנ אלט-באקאנטנ ניו-יאָרק מיט די צענדליקער טויזנטער ארבעטסלאָזע, דאָס קלײַבט מענ זיכ קריגנ א לאָפּעטע אונ פארדינענ עפּעס באם שארנ שניי. ער האָט זיכ צוגערוקט נעענטער, קיינער האָט אים גאָרניט געפרעגט, קיינער האָט קיינ אכט ניט געלייגט אפ זײַנ קאָסטיום, וואָס איז אזוי גוט אלעמענ באקאנט. עס איז זיכער, אז צווישנ די, וואָס קלײַבנ זיכ דאָ זײַנענ פאראנ עטלעכע גרויסע טאלאנטנ אונ געלערנטע, אונ איכ דאָס איז ניט קיינ ווונדער.

טשארלי האָט באקומענ א לאָפּעטע. אפ איינער א גאס איז ער געשטאנענ אינעם טשארלי-טשאפּלינ-קאָסטיום אונ געשארט דעם שניי, אינ דעם קאָסטיום, וואָס זעט אויס ווי דער סימוואָל פונ גרויסער אומרעכט קעגנ אָרעמע, ערלעכע, אומבאהאָלפענע מענטשנ אינ דער וועלט פונ שווינדל אונ ליגנ.

אי. קיפּניס

צו וואָס גאָר אָנ אָדלער, צו וואָס זײַנענ נעגל. דעראָפּ האָב א מײַסע קיינ קאַשע ניט פּרענג.

ד. האָפשטיינ.

# א קאַשע אפּ א מײַסע

מיכ וווּנדערט אַמאָל פאַרוואָס פאַרהאַק איכ זיכ, ווענ עס כאַפּט זיכ בא מיר אַרויס פונ מויל, אז פאַר צענ יאָר האָט זיכ דאָס אונ דאָס געטאָנ, פאַר פופצנ יאָר דאָס אונ דאָס געטראָפנ. אונ מאָטער קומט מיר אויס א זאָג טאָנ, אז דענסטמאָל איז מיר געווענ א יאָר אכצנ. יאָ, יאָ. א יאָר אכצנ! אויב איכ דערצייל עס אַקוראַט פאַר מײַנ טאָכטער, וואָס איז נאָכ קיינ פולע פופצנ נישט אַלט, טוט זי א זאָג: „אָהאָ, בא אכצנ יאָר איז מענ דאָכ שוינ א גאַנצער מענטש“.

ווייס איכ טאַקע ניט, וואָס מע טוט דערצו, צווישנ דער צאָל אכצנ אונ צווישנ איצטיקנ עלטער מײַנעמ שטייענ שוינ פרישע צוואַנציק יאָר אונ איכ בינ נאָכ איצטער אויכ נישט אזא גאַנצער מענטש, ווי מײַנ טאָכטער וואָלט עס וועלנ פאַרשטיינ.

אכ, וואַזוי די יאָרנ גייענ אוועק אפּ גאָרניט. וואַזוי די געבליבענע מיט די פאַראָרנס זײַנענ אינ זייער דורכשניטלעכנ גאַנג ענלעכ איינע אפּ די צווייטע: נאָכ א טעלער באָרשטש פאַרטיליקט, נאָכ א פּאָר לײַלעכער איבערגעביטנ, נאָכ א נאָרני-טער אויסגעטראָגנ אונ דערנאָכדעמ אפילע פאַרגעסנ, וואָס פאַר א קאָליר ער האָט געהאַט אונ ער האָט דאָכ דיכ מיט זײַנ נײַקייט נישט ווינציק געפרייט. ריכטיק, צי ניינ?

בלויז אַמאָל אינ א יויוול, ווענ דו ביסט באַזונדערס אויפגעלייגט, שטעלסטו אָנ דײַנ זיקאָרנ, ווי א רויט לאַמטערנדל אפּ איינעמ אזא מינ נעכטנ פונ פאַר צוואַנציק יאָרנ אונ עס ווערט דיר טיטאַמאָל אזוי מאָדנע מינ נײַ אונ אזוי אַנדערשדיק. דו נעמסט זיכ שפּילנ מיט די ברעקלעכ זיכרוינעס, ווי א קינד מיט קאָלירטע שטיקלעכ גלאָז, וואָס ער געפינט ערגעצ אינ זאַמד ליגנדיק. מיט יעדנ שטיקעלע גלאָז, וואָס ער שטעלט צו צומ אָפענעמ אויג מאַכט ער אָנ א כרייפע: זעט, זעט, ווי דער הימל ברענט! ווי די גאַנצע וועלט איז אינ יאָמטעוודיקנ העלעשנ פײַער!

---

א גאנצנ פרימאָרגנ, אז סע פלאָנטערט זיכ מיר עפּעס איג קאָפּ א באליבטער רויטער קאָליר אוג די דאָזיקע רויטקייט, אז מע וויל זאָגנ, האָט זיכ צו מיר באַוויזנ אָט פונ וואַנענ: איכ בינ דעסטמאָל געווענ יונג. אפּ דער גאנצער וועלט איז געווענ פרילינג אונ דענסטמאָל האָבנ מיר אקוראט געהאלטנ אונדזער רויטנ פערד. אַיַ, איז עס געווענ א פערדל! די גאנצע פרילינגדיקע וועלט מיט איר גאנצער פרישקייט האָבנ זיכ אינ אים אָפּגעשפּיגלט, האָבנ ארויסגעעטעמט פונ זײַנ פרישנ העלנ גלאנצ. עמעס, ער האָט מיכ וויגציקער געזשאלעוועט ווי איכ אים. איכ שפּיגל זיכ אינ אים, איכ שטאָלציר מיט אים, איכ קענ זיכ אפּ אים זאט נישט אָנקוקנ אונ ער—סע זאָל אים באָטש אָנגײַנ אפּ א האָר. פארקערט, אז סע גיט זיכ אים אַמָנ זיכ ארויסבאַגנ פונ הויפּ אָנ א צוים אונ אָנ א פּענטע, מוט ער א דראלעווע אַוועק אונ א טראָג אוועק זײַנ שיינעמ פערדישנ קערפּער אונ רײַסט זיכ אוועק ווי א ווינט איבערנ וויהאָנ אונ גלײַכ אהינ צו די פריש צעאקערטע פעלדער!

איינ מאָל נאָכ אזא מינ װאָלאזקע צו דער „פרײַער גאטור". האָב איכ זיכ א שיינ ביסל אָנגעלאָפנ ביז איכ האָב אים געבאפּט.

—קאָס—קאָס—קאָס, אונ קסיאָו—קסיאָו—קסיאָו! איכ בעט זיכ צו אים אונ ער הערט מיכ ווי דעמ קאָטער. א כאליערע אים אינ די ביינער! איכ האָב זיכ קוים דערוואָרט אפּ דער רעגנ, ווענ ער האָט זיכ אנידערגעלייגט קאטשענ אפּ א ווייכנ, נאָר וואָס באגרינטנ לאָג דאָ, האָב איכ זיכ אונטערגעגאנוועט שטילערהייט אונ אים אָנגעכאפּט בא דער טשאפּרינקע. ער האָט זייער אומצופרידנ געגעבנ א צופּ מיטנ קאָפּ אונ אפּ א ניט איידעלנ אויפנ געגעבנ א הויב דעמ אונטערבייליעק, אָבער ס'האָט אימ שוינ געהאָלפנ ווי א טויטנ באנקעס. איינ זײַט איז בא אימ געווענ איינגעקאטשעט אינ ליבטיקנ ווייכנ שטויב. די אנדערע—ריינ. האָט זיכ אפּ א רעגנ א טרייסל געטאָנ אונ איז מיט אנ אראָפּגעלאָזענעמ קאָפּ, ווי גאָר וואָס אָפּגעזינדיקט אוועק נאָכ מיר צוריק אהיימ. לעמ ערשטנ פלויט, וואָס מיר האָבנ באַגעגנט, האָט ער ווי עס איז געלאָזט זיכ אפּ אים אופזעצנ אונ איכ בינ אוועקגעפאָרנ, וואָרומ ביז אהיימ איז שוינ געווענ א גוטער ווערסט גאנג, אויב ניט מער.

איכ ווייס ניט, צי בינ איכ דענסטמאָל אלט געווענ אכצנ יאָר, מעגלעכ אז ווינציקער, נאָר קאלעס האָט מענ מיר גערעדט פונ אלע זײַטנ. אונ דער טאטע, אויסער דעמ, וואָס איכ האָב מיט אים צוגעארבעט אינ הארבארניע, האָט געוואָלט א פרווו טאָנ דאָס מאזל אונ מיכ צולערנענ אינאײַנוועגס צו מיסבער אויכ. אונ גראדע אזא מיסבער, וואָס איז ניט ווײַט אָפּגעטראָטנ פונ אונדזער מעלאָכע. קורצ, צי האָט דאָ אסאַכ ברײַענ? ער האָט אויסגעשריבנ לערעהוואָרג (איידעלערנ ווי דעמ, וואָס מיר ארבעטנ איצ) פונ ווילנע, פונ ביאלעסטאָק אונ פינ ווארשע. (סבוירע פלעגט מענ דענסטמאָל געבנ אפּ באָרג) אונ ס'האָט געהייסנ, אז איכ האנדל צו מיט פּאָסטיל.

אז א שוסטער פלעגט קומענ נאָכ א פעלבל בראָט, אָדער נאָכ א פּאָר בילגייענע קאמאשנ פלעג דער טאטע הייסנ מע זאָל מיר א רופטאָנ פונ דער ארבעט, וואָרומ ער מישט זיכ ניט אינ די זאכנ. עפּעס פאסט עס אימ ווינציק צומ פּאָנעמ.

מיט פארקאטשעטע ארבל, מיט נאסע אָנגעהאָרעוועטע הענט, אז סע גייט נאָכ פונ זיי א פּארע, פלעג איכ ארויסקומענ צומ שוסטער אונ צו מײַנ מיסבער. אונ

דאָס, וואָס דער שוסטער רעדט מיט מיר, מיט א ייִנגל אַזוי ערנסט און מײַנע ווער-טער האָבנ באַ אים א מאַמאָשעס, לעמטי זאָל איך לייקענענ, דאָס איז מיר גראַדע געווען זייער און זייער צום האַרצנ.

ווי מיר האָבנ שוינ אויבנ גערעדט האָט זיך דאָס אַלץ געטאָנ מיט א גוזמע יאָרנ צוריק, כאָטש איך בינ נאָך איצטער אויך ווײַט פונ א בערעסטאַרעצ.

סע געווענ א קורצע צײַט נאָך פייסעך. א טאָג ווי אַלע טעג און דאָך ניט ווי אַלע. די באַק-דייזשע האָט זיך נאָך ניט באַוויזנ אײַנזײַערנ נאָכנ פייסעך אַזוי, אַז דאָס ברויט קומט נאָך אויס אַביסל זיסלעך. די בלעטלעך אַפ אונדזער איינציק בוימעלע אַרום פלויט קלעפּנ זיך נאָך צו די פינגער מיט זייער יונגער צאַפּלדיקער גרינקײַט, ווי זיי וואָלטנ געווען מיט האָניק באַשמירט.

אַט דער אָ גאַנצער האָט מיך געטראָפנ אינ שטוב מיט א פיצל אָפּגעהריזעט בלײַפענדל אינ דער האַנט. איך האָב אַקוראַט צעלייגט מײַנ בערגעלע „איידעלע" סבוירע, וואָס איז מיר געבליבנ נאָכנ יאַריד און אַלצ פאַרשריבנ.

וואָס איך לייג אַפנ טיש און וואָס אַפ די שטילכנס און אַנדערע זאַכנ לייג איך אַפנ בערג פונ מײַנ נישט פאַרבעטנ ייִנגלשנ געלעגער. אַלצ צעלייגט, צוגע-גלײַכט, פאַרשריבנ און איך זע, אַז ס'איז אינ אָרדענונג. דער כראָמ שטימט מיטנ צעטל. די כאָליעוועס אויך. אָבער סע מאַכט ניט אויס. א געשעפט האָט ליב כעזשבנ. געקומענ צו די בילגייענע קעפּלעך און קאַמאַשנ קומט מיר עפּעס צו פינטע מוצ, וואָס זאָל עס באַטײַטנ? איך האָב געגעבנ א כאַפּ אַפנ קאָפּ אַהער, אַהינ, נאָכאַמאָל איבערגעציילט און ס'איז פאָרט איבריק, ביז איך האָב זיך פלוצים דער-מאָנט: יאָ, ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, געכטנ אַפנ יאַריד, בעשאַס איך האָב אָפּגע-לייגט מוישע הערשנ (דעמ סטאַרבעניער שוסטער) זײַנ קניע, האָב איך אים אַלצ געגעבנ: אי דעמ כראָמ, אי דעמ שאַוורע און די עטלעכע שאַכטלעכ קולקעס און האָקנ און די אויערנ צו די שטיוול, בלויז די קאַמאַשנ מיט די קעפּלעך האָב איך אים פאַרגעסנ צוצייִלנ. כאָטש געלט האָט ער מיר אײַנגעצאָלט פאַר אינגאַנצנ דער קניע.

מיר איז געוואָרנ זייער ניט שיינ. סטײַטש. וואָס וועט ער אַפ מיר קלערנ אָט דער מוישע הערש מיטנ טונקל געלנ שמאָלנ בערדל. אינ בעסטנ פאַל וועט ער קלערנ, אַז א ייִנגל בלײַבט א ייִנגל און אויב ניט איז ווער ווייסט? טאָמער כאַפּט ער נאָך א פור און קומט צו פאָרנ אַהער אינ מיטנ א וואָכעדיקנ טאָג זיך זידלענ? מער פאַסט מיר ניט.

איך בינ אַרויס צום טאַטנ אינ הויפ, אים געמאַכט קלאָר דעמ איניענ און ער איז געווענ מאַסקימ מיט מיר, אַז סע העלפט נישט קיינע מײַסעס. מענ מוז אויס-שפּאַנענ דעמ פערד פונ סטאַמפּ, (ווו ער דרייט די ראָד באַמ דוב-קלאַפּנ) און צולויפנ אַפ דער פרישער שאָ קיינ סטאַרבעני.

איך האָב אַרײַנגעפירט דעמ פערד אינ די האַלאָבליעס אַרײַנ. מענ דאַרפ זאָגנ דעמ עמעס: אַז ווענ דער באָסנ-באָכער נייט אַרויס פונ דער ראָד-דרייערײַ, איז ווו טוט זיך נאָר אַהינ זײַנ גאַנצע גדוילע מיט דער שטעל? ער שטייט אַראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ, כאָטש טו אים וואָס דו ווילסט.

פאָרנ מיר הייסט עס קיינ סטאַרבעני אזוי זיכ אינ מיטנ געזוייגלעכנ גאַנצפרי אונ דעריקערשט לײַדיק אונ לײַז.

אזוי, דערפאר, וואָס איכ בינ אליינ שולדיק. וואָס הייסט, איכ האָב ניט דערטראַכנ מוישע-הערשנ, דעם בעסטנ הורטאָוונעט קוינע מײַנעם אזא טינ מאַיאָנטעק מיט סבוירע?

אונ אינ דרויסנ איז אזוי גוט. מײַנ פערדל באַשײַנט אי דעם וואָגנ, אי דעם שפּאַג אונ אפילע דעם אָנטרײַבער אויכ. ער האָט זיכ אביסל איינגעפריכעט אפּ דער זונ אונ אפּ דער פרײַער לופט, האָט ער פּאַרהויבנ דאָס קעפּעלע אונ איז אַוועק זוי א מיזמער. אונ ס'איז מיר מיטאמאָל געוואָרנ אזוי גרינג אפּנ הארצנ. די פּעלדעריקע לופט פילט דיכ אָנ מיט אלערליי רייצנדיקע גלוסטעונישנ. די פעלדער אליינ זײַנענ נאָכ פונ אויבנ נישט באַלעסטיקט נאָכ מיט גאָרנישט, אָבער זייער מעבערעסדיקײַט פילסטו אפילע דורכ די שיכעס פונ די רעדער אונ. ארום איז עפּעס אזוי שטיל. ערגעצ אָנאָ פונ דערווײַטנס זעסטו ווי א פּויער גייט נאָכ נאָכ דער באָראָנע, אָדער נאָכנ אקער. זענ זעסטו אי איט אי די פערדלעכ, וואָס שלעפּנ, נאָר הערנ הערסטו זיי ניט, ווי די ווייכע ערד וואָלט אײַנגעשלונגענ יעדנ קלאַנג. פלוצים דערהערסטו א צוויטש פונ א פויגעלע אונ דו דערפילסט אז ס'געפינט זיכ דאָ ערגעצ נאָענט לעבנ דיר א לעבנדל, וואָס באַרבערעט צווישנ קוסט אונ טוט דאָרט עפּעס א באהאלטענע ארבעט. אונ אָנאָ האָט זיכ אָנגעזעצט א בינעלע אפּ א געל קווייטעלע אונ ארבעט מיט אלע אייוורים: מיטנ בײַכל, מיטנ שנוקל, מיט די מאכיקע פיסלעכ אונ מיט אלע כושים. דאָס קווייטעלע הוידעט זיכ אפּנ דינעט שטענגל אונ מעג פילט, אז אָט, אָט גייענ אימ אוימ אלע כוחסנ פונ אזוי פיל לײַדנשאפט, וואָס דער נאָסט ווײַזט לעט אימ ארוימ אונ ער זאָל כאָטש לאָזנ אָפּרוענ אביסעלע, איז ער אָבער פאר הײַנטיקנ פרימאָרגנ שוינ דאָ דאָס דריטע מאָל אונ אויב מע וועט דארפנ וועט ער קומענ דאָס פערטע אונ דאָס פינפטע מאָל אויכ. אגיט וועלנ דענ קליעקייכעס אפּ אימ אָפּזאָגנ? אז סע גליסט זיכ אזוי ארומגעמענ אונ זײַנ ארומגענומענ. אונ אלצ די זונ. מער פונ אלעמענ איז זי אינ דעם פארמישט? זי גליט עס אָנ מיט אזויפיל רייצעוודיקײַט מיט אזייפיל לוסט יעדנ אונ אלצ.

דאָס פערדל האָט צעלאָזנ די נאָז-לעכער אונ א הירזשע געטאָנ אהינ אזש צו יענע הײַזער, ווו סע האָבנ זיכ געפּאשעט פונ דערווײַטנס א פאָר פּויערשע פערדלעכ, אָנאָ מאקע ארום יענעם דערפל, וואָס שטייט צו אונדז מיט די פּלייצעס. ער וויל, ער וויל צו זיי. אונ מיר רעדט מענ קאלעס פונ אלע זײַטנ אונ אלע געפעלנ מיר. סע זאָל כאָטש זײַנ איינע אזא, וואָס איז מיר ניט געפעלנ. ווענ איכ שעמ זיכ ניט, קענ איכ אפילע הײַנטיקנ טאָג האָבנ א קאלע.

די וואָס איז אינ דער אָלעניטשער טיל איז א הויכע, א שטאַלטנע מיט קארע אויגנ, ברויגע הײַמעלעכ לעט די וויעס. א שיינע. מאקע זייער א שיינע, נאָר אביסל א שעמעוודיקע. זי מיינט אפּ זיכ אליינ, אז זי איז נישט שטארק קיינ קלוגע. דערפאר וואָס זי טראָגט א גרויסנ נאָמער שיכ. צי דענ קענ דער נאָמער פונ דעם שוכ האָבנ א שײַכעס צומ מענטשנס כאָכמע? איצט, אינ דער רעגע, ווענ אלצ ארומ איז דאָ אָנגעשפּיגעוועט מיט ליבשאפט, וואָלט איכ זיכ נישט גערעכנט, וואָס

זי טראָגט א גרויסנ נאָמער שיכ. איכ וואָלט זיכ איצט געטוליעט צו איר צום מײדל פונ דער אָלעגעמשער מיל אונ איר אָפּגעשמעקט זײער אסאַכ קושנ.

אי זו, אי נאָכ מײדלעכ רעדט מענ מיר פונ די דערפער אונ פונ אונדזער שטעטל גופא. בא אונדז זײַנענ דאָ אזעלכע מײדלעכ, וואָס איכ אלײנ רעד זײ זיכ פאר קאָלעס אונ אלע געפעלנ זײ מיר אונ יעדערע מיט איר באזונדער מײדלשנ כײנ.

— נו, וואָס זשע האָסטו זיכ אנידערגעשטעלט?

אזוי פלוצים איז אלצ געבליבנ שטײנ: דאָס פערדל, דער וואָגנ אונ איכ אפנ וואָגנ. צוזאמענ מיט דעמ אלעמענ זײַנענ אויכ געבליבנ שטײנ מײַנע אלע דרעמלדיקע אײַנגעוויגטע מאכשאָוועס.

נאָר שרײַענ אפנ פערדל אינ אזא רעגע טאָר מענ ניט. ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט צוליב אנ איניענ.

איכ לײג צונויפ די ליפנ אונ פײַפ אימ צו.

מע דערקענט אינ אלע זאכנ, אז סע איז א קרעפקער פערד.

אונ אָט האָט ער אלײנ אָנ עמעצנס באפויל א ציפ געטאָנ דעמ וואָגנ אונ מיר פאָרנ שוינ ווײַטער.

---

בא מוישע הערשנ דעמ שוסטער האָט זיכ נאָכ געפילט דער טשאד פונעמ געסטיקנ יאריד. איכ האָב אימ געטראָפנ אינ טאלעס אונ טפילנ. אפי׳ טיש האָט שוינ געוואַרט א אימ א הײסער אָנבײַסנ, וואָס די ווײַב האָט אימ צוגעגרײט. דער יערקשטאָט איז געווענ אינ צווײטנ כײדער פונ יענער זײַט שאליוווקע נאָר מע האָט געהערט ווי סע ארבעט זיכ דאָרטנ.

א גרויס פופצנ יאָריק מײדל מיט בראָוועסע יאָדערדיקע ליטקעס האָט מיר אלע מאָל באטראכט אונ זיכ נישט געשעמט מיר ארײַנשטעקנ די אויגנ גלײַכ אינ פּאָ-נעמ ארײַנ. א פארטורזעטע מויד, נאָר ניט קײנ מיעסע, כאָטש פרעגט מיכ בעבײ-רעט, צי האָב איכ ביכלאל געזענ אפ מײַנ לעבנ א מיעס מײדל. איכ וואָלט מעגנ שווערנ, אז נײנ. ווײַבאלד א מײדל איז זי שוינ א שײנע.

מײשע הערש אלײנ האָט מיכ אויכ אביסל אָנגעקוקט. ער האָט די ערשטע רעגע נישט געוווּסט וואָס איכ וויל פונ אימ.

געלט? ער האָט מיר דענ געכטי׳ ניט באצאָלט אינגאנצנ? קאמאשנ? אפ וואָס דארפ ער נאָכ? ער האָט דאָכ, דוכט זיכ געכטנ געקויפט?

איכ האָב אימ קוים ארײַנגעקלאפט אינ קאָפּ וועגנ וואָס דאָ האנדלט זיכ. לאָזט זיכ אויס, אז ער גלײבט מיר קעסײדער אפנ וואָרט. ער האָט אפילע ניט געצײלט, וואָס איכ האָב אימ געכטנ געגעבנ. ער האָט פּאָשעט אלצ אופגעוואָרפנ אינ די שיפלאָדנ פונ דער קאמאָדע, וו זײ האלטנ זײער ווײַסגרעט, די קאָרטעס פונ די פרײַנט אונ דעמ טאלעס אונ טפילנ האלט ער אויכ דאָרט. די הײַנט געבראכטע קאמאשנ האָט ער ווײַטער ארײַנגעוואָרפנ ניט קײנ געצײלטע אויכ אהינצו אינ שיפלאָד. סע איז גוט, אז מע האָט אזא נאמור, ווי מוישע הערש. איטלעכנ גלויבט ער.

ער האָט זיכ אפגיכ געוואשנ עסנ (א באלמעלאָכע זשאלעוועט די צײַט, זי זאָל ניט אװעקגײנ אומזיסט). מיכ האָט ער אויכ געבעטנ צום טיש. ער האָט מיכ א-בערגעפרעגט צי ס'איז אנ עמעס, אז בא אונדזער טוראוועשיק, בא יענעמ, וואָס טיטנ

אויסגעפּליקטן בערדל, ווי אַזוי הייסט ער עס, שימשן, רופֿט זיך? איז טאַקע בײַ אים דער עלטערער ייִנגל אַראָפּ פֿון זינען?

— גיט דאָ געדאַכט. — און מוישע הערשיכע האָט בײַסטמײַסטע אויסגעשפּײַט, א קוק געטאָן אָפּ די נעגל.

דעם עמ׳ס געזאָגט האָב איך זיך געפֿילט אביסל אַנטוישט פֿונעם גאַנצן אוניען. ניט ער איז געווען באַרוינעז, וואָס סע פֿעלן בײַ אים קאַמאַשן, ניט ער דאַנקט מיר, וואָס איך האָב אים אומגעקערט די קאַמאַשן און ער איז ביסלאַל ווייניק איבעראַשט פֿון מײַן אָרנטלעכקײַט. און דאָס האָב איך שוין ניט ליב. בין איך אָרנטלעך, קלוג, אָדער לײַטיש, דאַרפֿן לײַטן דאָס אָפּשאַצן און זאָגן: „זייער אָרנטלעך פֿון זײַן זײַט“, „זייער קלוג“, „זייער לײַטיש“.

---

מײַן הורמאָונער קוזינע איז שוין פֿאַרטיק מיט אינדערפֿרײַענדיקן מאָלצײַט. ער פֿאַרקאַמשעט צוריק די אַרבל און לויפֿט שוין צו דער אַרבעט. דער „קאָנפֿליקט“ איז דערלײדיקט און וואָס זאָל איך איצט טאָן? פֿאַרקערעווען די האַלאָבליעס און צוריק אַהיים?

עפּעס גלוסט זיך מיר נאָך ניט פֿאָרן.

ווי באַלד איך בין שוין יאָ אין סטאַרבעני, און אינגאַנצן אומגעריכט, קאָן איך באַשטיין און אַרויסגיין א שפּאַצירטאָן איבערן שטעטל. ניט אַלע טאָג איז פּורים...

יעדעס שטעטל האָט זיך זײַן קאָליר. דאָס אָ שטעטל גייט בײַ מיר אונטערן צייכן פֿון נאַגאַזיים און פֿון קלעזמער. אויב מ׳פֿעלט בײַ עמעצן א פֿערד אין די דערפֿער זוכט מען עס אין סטאַרבעני. אויב ס׳איז בײַ עמעצן א כאַסענע אָפּן קאַנט, שפּילן דאָרט די סטאַרבעניער קלעזמער. א גאַנצע קאַפּעלע. בוץ דעם, מוז איך אַלע מאָל, באַם אַרײַנפֿאָרן קיין סטאַרבעני זיך דערמאָנען, אַז בײַ בענצלען דעם קלעזמער איז דאָ א מיידל, האָט זי געמענט פֿאַרברענגט ווערן א קליינינקע. אַזאַ מאַמזער איז דאָס. ס׳איז א שטיק פֿײַער ניט קיין מויד. כאָטש זי איז שוין ניט הי, זי האָט כאַסענע געהאַט ערגעץ ווײַט קיין ראָסיי. נאָר מען דערציילט זיך אָן פֿון איר מײַסעס, מען זי טאַקע געמען דער רוען מיטן טײַוול אײַנגעם. איך געדענק זי זייער גוט. זי פֿלעגט אַמאָל קומען אײַנײַנעם מיט די קלעזמער צו אונדז אָפּ די כאַסענעס. בײַ איר איז געווען א ראַבער געוועגטענער מאַנטל מיט ברייטע קלאַפּן. אונדזערע מיידלעך און די סטאַרבעניער האַלטן זיך אום אין גוטע שכײניסטע באַציִונגען און מע פֿאַרטרויט אַפֿילע אײנער דעם צווייטן סוידעס, אַז מע קומט זיך צונויף.

אָט פֿון דער אָ זײַט באַמבלט זיך מיר קעסיידער סטאַרבעני אין קאָפּ און איצט גיי איך אַרויס איבער סטאַרבעני גופֿע. קיין געשעפֿטן האָב איך דאָ ניט. איך שפּאַציר זיך גלאַט אַזוי. די פֿענצטער זײַנען אומעטום אָפֿן. דאָ און דאָרט שטעלט זיך צו א מיידל פֿון יענער זײַט פֿאַרהאַנגקעלע און כאַפּט א קוק. מיט אַנדערע האָב איך אַפֿילע רעכט זיך גריסן. און אָט איז טאַקע בענצל דעם קלעזמערס נידריק שטיבל, וואָס איז ווײַס אויסגעקאַלעכט פֿון אינעווייניק און פֿון דרויסן. מע הערט ווי סע רימפּלען דאָרט אייניקע קײלים. בײַ אים זײַנען אַלע קינדער קלעזמער. אַן אַזוירע נאָר, וואָס דער עלטערער זון איז אין בײַעל שלאָפּ געוואָרן און געשטאָרבן. האָט ער געשפּילט אָפּן פֿידל, איז א קאַפּאָרע פֿאַר אים אַלע קאָנצערטן, מיט אַלע טעאַ-

מערט. דער גאַנצער קאַנט האָט דאַנ גערעדט פונ דעמ. אַסאַכ האָבנ געזאָגט, אַז בענצל וועט ניט קענענ שטאַרבנ, וואָרומ וועמענ וועט ער איבערלאָזנ אינ דער קאַפּעליע מיט זײַנ ערשטנ פידל. אַזוי פלעגנ מענ מאַקע רעדנ, נאָר אַז סע געקומענ די צײַט איז בענצל אַוועק אַפ דער עמעסער וועלט ווי א האָפּ. וואָס, וואָס. דעמ קאָוועד מיט דער ליבשאַפט, וואָס ער האָט דאָ געהאַט, וועט ער שוינ דאָרטנ גראַדע ניט האָבנ. אונ אָט־אָ איז זײַנ שטוב פונ די דרײַ כאַדאָרימ מיט די נידעריקע פענצטערלעכ, וואָס שטייענ קימאַט בא דער סאַמע ערד. אונ אָט איז דאָס גערטנדל בא די סאַמע פענצטערלעכ, וואָס איז קימאַט דאָס איינציקע אינ סטאַרבינ. א קלעזמער אַזא ווי בענצל מיט אַזא שיינער נעשאָמע האָט זיכ געמעגט פאַרגינענ צופוצנ די שטוב מיט א גערטנדל פונ פאָרנט אונ אָט איז... שאַ, נאָר שאַ. וואַרט נאָר צו. סע דאַכ זי אַליינ, סטערקע! מאַקע דאָ אינ גערטל האָב איכ זי דערזענ פאַרבײַ די פענצטער. ווי זי זיצט אונ טוט א אינדערפרי־עדיקע אַרבעט. לעט איר טאַנצט אַרומ א מיידעלע מיט א קורצ געפּאַלדעוועט קליידעלע אונ א יונגעלע פונ א יאָר פיר מיט א קעפּעלע ווי א טויקאַטשל ציכטיק אונ האַרט געשוירנ. אויכעט אָנגעטאָנ גרויס־שטאָטיש. ניט אַזוי ווי בא אונדז מע ציט אופ קינדער. הייסט עס, אַז זי איז געקומענ אַהיימ צו גאַסט אָדער אַפ דאַטשע? אונ די האָר איבערנ קאָפּ (שוואַרצ ווי בא א האַלקע) גרויזנ זיכ ווי קעסייהער, אונ די אויגנ סמאַליענ אונ דאָס קעלעכל קוילערט זיכ.

פאַרוואָס האָב איכ זיכ אַזוי דערשראָקנ ווייס איכ ניט, נאָר ס'האָט מיכ מיטאַמאָל ווי א שלעפּ געטאָנ איכ זאָל זיכ אויסדרייענ אַפ צוריק אונ מאַכנ די פּלייטע פונ דאַנענ אונ איכ וואָלט עס מאַקע געטאָנ אויכ, ווענ זי באַמערקט מיכ ניט אונ שטרעקט מיר ניט אויס איבערנ פּלויט די האַנט מיט א וואַרע ווי צו נאָר אַנ אַלטנ באַקאַנטנ:

— זע נאָר,— זאָגט זי,— ווי דו ביסט עס אויסגעוואָקסנ! א גאַנצער יונגל!

איכ האָב זי גענומענ פרעגנ נאָר, נאָר סטאַטעטשנע, וואָס זי מאַכט פונ וואַנענ זי קומט. איכ סטאַרע זיכ מיט אַלע קויכעס אײַנהאַלטנ דעמ קאָל ער זאָל ניט ציטערנ. אייגנטלעכ, וואָס האָב איכ בא זיכ וואָס צו זײַנ אַזוי אַראָפּגעפאַלנ ווייס איכ ניט, נאָר סע ביידע זאַכנ. אי מע איז קליינשטעטלדיק, אי מע איז יונג, אי, אַז איכ דערזע אַזא מינ שטיק מויד, פיל איכ אַז איכ בינ גרייט אַנידערלייגנ לעט איר דעמ כיעס מיט דער נעשאָמע אונ העלפנ וועט דאָס מיר, ווי א טויטנ באַנקעס, טאָ לעמײַ זאָל זיכ נאָר יענער אָנשטויסנ פונ וואָס איכ בינ צעטראָגנ.

אָבער זי איז מיכ באַפאַלנ נאָר ניט אַפ קאַטאָוועס.

זי באַקוקט מיכ ווי א גומער ליבהאָבער באַקוקט א שיינעמ לאָשעקל אַפ דער פאָרהאָוויצע אונ זי האַלט אינ איינ סמאַקעווענ.

— איר זײַנט דאָכ געווענ,— זאָגט זי,— אַזא גרינינקער קליינוויס. איכ האָב דאָכ אײַכ געהאַלטנ אַפ די הענט אונ זי טרייסלט מיר גוט־ברודעריש פאַרנ אַקסל אונ שלעפּט מיכ אינ שטוב אַרײַנ.

אָט זאָגט מיר „דו", אָט „איר". אונ איכ גלויב זיכ אַליינ ניט. איכ ווייס ניט צי — דאָס כאָלעמט זיכ מיר, אַז סטערקע איז מיט מיר אַזא נאָענטער פּאַניבראַטצע, צי ס'איז מאַקע אַזוי.

זי האָט באַשטעלט בא הער מוטער א פּרעזשעניצע פונ מײַנטװעגנ. א נאָר־
פייסעכדיקע פּרעזשעניצע פונ מאַצע מיט אייער. די מוטער, א װײלע עלטער׳ע
ייִדענע, אָנ שום פּוצנ, גלויבט קענטיק דער טאָכטער אירער אונ פאַרלאָזט זיכ מיט
אַלצ אַפ איר: אַז מע דאַרפ דאַרפ מענ. זי װייסט ניט אַפ זיכער װער איכ בינ אונ
װאָס איכ בינ, נאָר אויב איכ בינ בא איר טאָכטער א גאַסט בינ איכ בא איר אויכ
זייער אָנגעלייגט.

אינ שטוב זײַנענ די װענט באַהאַנגענ מיט קאַרטעס, די פענצטער מיט װײַסע
פאַרהאַנגענ אונ כאָטש די סטעליע איז נידריק, דאָכ איז עפּעס ליכטיק פונ דער
אינװייניקסטער װײַסקייט אונ ריינקייט.

— קום אַהער, מאַכט זי צו מיר. מיט איינ האַנט נעמט זי מיכ אַרום אונ מיט
דער צװייטער קריכט זי אַרײַנ צו מיר אינ קעשענע נאָכ טײַסטערל. ס׳איז גרינג
זיכ פאָרשטעלנ, װאָס פאַר א טרייפע סע האָט זיכ אינ מיר אופגעכאַפּט, אַז איכ
האָב דערפילט אַפ זיכ איר אָטעמ? אונ װיאַזוי יעדער איינער איז בא מיר געװאָרנ
אָנגעצונדנ. אַרויסגענומענ דעמ טײַסטערל האָט זי מיר אינ א שפּאַס געגעבנ א
שטופּ אָפּ פונ זיכ אונ איכ בינ געבליבנ זיצנ אַפ א שטולכע (אויכ באַצויגנ מיט
װײַסנ). גוט װאָס איכ בינ שוינ געזעסנ, װײַל שטיינ איז מיר געװענ ניט באַקװעמ
אינ אַלע הינזיכטנ. זי האָט גלײַכ אַװעקגעשיקט אינ קלייט אַרײַנ, װײַזט אויס דעמ
קלענערנ בראַטאָק, װאָס שפּילט אַפ דער פּלייט. האָט ער אינ א רעגע אַרומ גע־
בראַכט ניס, אונ װײַנ אונ הערינגלעכ אונ צוקערקעס. פונ װאַנעט, פונ װאָס האָט
זיכ אַרײַנגעשטעלט אַהער בראַכיע דער טרובאַטש מיטנ הייזעריקנ בלייכנ פּאָנעמ
אונ מיט די פּלייכע אופגעבלאָזענע ליפּנ. זײַנ טראָמבאָמ איז לאַנג אונ ער איז נאָכ
לענגער. פונ צװישנ שיטערנ בערדל קוקט אַרויס דער גאָרגל־קנאָפּ, איז ער עפּשער די
גרויס װי א האַלבער פּאָנעמ. װער קענ ניט בא אונדז בראַכיענ דעמ טרובאַטש?
דוכט זיכ, אַז ער האָט א כייליק בא דער קאָמפּאַניע זנאַכערעס אויכ. (זנאַכערעס
האָבנ געהייסנ די גאַנאָװימ, װאָס פאַר געצאָלט טרעפנ זיי, װו די גניװע ליגט. ד.ה.,
אַז אַליינ נאַגװענענ זיי, אַליינ װאַרפנ זיי אונטער אונ אַליינ הייסנ זיי דאַרטנ זוכנ). ער
איז צוגעגאַנגענ אונ מיר געגעבנ די האַנט, װי א קאַהאָלשער מענטש, אַז ער דערזעט
א שטאָט־באַלעבאָס:

— א, װאָס מאַכט מענ עפּעס? װאָס הערט זיכ עפּעס אינ בילאַקאָראָװיע.
אונ צו איר האָט ער א זאָג געטאָנ.
איכ װייס ניט צי ס׳איז אַזא קלעזמער־לאָשנ, א גנייװיש לאָשנ, אָדער װייסט
הער רועכ די ביינער זייערע, װאָס פאַר א לאָשנ דאָס איז.

— די פאַרפל זײַנענ גלימשיק, — האָט ער א זאָג געטאָנ.
זי האָט אימ אָבער גלײַכ אָפּגעמאָסטנ מיט די שװאַרצע באַפּוילערישע אויגנ אונ
בייז געענטפערט:

— איכ שמיר נישט!
— סע שוינ פינצטער! — האָט ער געענטפערט.
— פינצטער מעג דיר זײַנ אינ אַלע אויװורימ! — האָט זי א זאָג געטאָנ װי א
געלעכטער, נאָר מע האָט געזענ, אַז זי איז עפּעס צו אַנטשלאָפנ אונ ס׳האַרגלט זיכ

ויענג א זאַכ, וואָס מוז אופגעטאָנ ווערנ די רענע.—איכ האָב דאָכ דיר איינמאָל גע= זאָגט, סע וועט ניט באַמקענ. די שקאַפע גייט אפ צוריק.

בראַכיע האָט א קנייטש געטאָנ מיט די פּלייצעס אונ איז אופגעשטאַנענ אפ אוועקגיינ, אזוי ווי אינ אירער א שליכעס.

אָבער זי האָט אימ אָנגענומענ פאַרנ לאַצ:

— שטיי, גיי ניט אוועק.

זי האָט אימ אָנגעגאָסנ א גלאָז רויטנ וויינ.

— נא, טרינק פאַר דעמ שלעפּאַרניק!—ווייזט זי אפ מיר.—סע זאָל זיינ מיט א קיומ.

— לעבאַימ.—האָט בראַכיע א זאָג געטאָנ צו אימלעכנ אונ צו קיינעמ ניט אונ מע האָט געזענ ווי די מאַשקע בולקעט זיכ אינ זיינ דורכזיכטיקנ בוילעטנ קנאָפּ. אויסגעליידיקט די גלאָז איז ער אינ א רעגע אַרומ געווענ צוריק אינ גאַס.

מיר איז געוואָרנ גרינגער אפנ האַרצנ ווענ ער איז אוועק. וואָרומ איכ האָב ניט ליב, אז איכ זיצ אונ מע רעדט לעמ מיר אפ לאָשנ טרובקע.

איכ ווייס ניט, צי זי האָט מיר אריינגעגעבנ שטאַרקייט, צי דער וויינ האָט מיר הערמוטיקט, נאָר איכ פיל ווי מיינ גאַנצע אָפּהענטיקייט האָט זיכ ערגעצ אויסגע- וועפּט. איכ האָב פריי געפּראַוועט די סודע אונ זיכ צעליינט פונקט ווי באמ טאַטנ אינ וויינגאָרטנ. די קליינע יאַטלעכ האָבנ געשלעפּט פונ טיש ניס אונ צוקערקעס וויפל ס'איז זיי געקראָכנ. דערנאָכדעמ הער איכ ווי זי זאָגט דער מוטער אפנ קיכ.

— מאַמע, דו וועסט דאָ א קוק טאָנ אפ די קליינע ווערימ אונ איכ וועל נעמענ דעמ שלעפּאַרניק אביסל צו זיכ.

אונ מיר זיינענ אוועק דורכ געסלעכ אונ הינטערגעסלעכ.

וואָס אַרט עס מיכ. אונ בא מיר איז אזא צושטאַנד, אז זי פירט מיכ—גיי איכ. זי האָט אָפּגעשלאָסנ א טיר אונ מיכ אריינגעפירט אינ א ליכטיק שמאָל שטיבל, באוואָקסנ אַרומ אונ אַרומ מיט בלומענ. זעט אויס ניט קיינ יידיש שטיבל. דאָס געהילצ אפ די ווענט איז קימאַט נייַ. איכ האָב זיכ בא איר נאָר ניט דערפרעגט, נאָר זי האָט קענטיק אָדער דאָ געוווינט, אָדער ס'פלעגנ זיכ אהער קלייבנ די בעוו= רע „זנאַכערס". ווייסט זי דער גוטער יאָר. מיר האָט זיכ געדאַכט, אז איכ בינ פאַרקלאַפּט אונ איכ וויל שלאָפנ.

— וועסט צעוואַשנ די פיס?—מאַכט זי צו מיר.

אז זי האָט מיר אזוי געזאָגט, האָב איכ זי פאַרשטייט זיכ אָנגעקוקט. אונ אז איכ האָב זי אָנגעקוקט, האָט זי זיכ אוועקגעשטעלט די הענט בא די זייטנ, ווי א קאַ= זאַטשקע א ווייב, וואָס קריגט זיכ מיטנ שיקער דעמ מאַנ (אינ טעאַטער ווייזט מענ אָפּט אזעלכע סצענעס) אונ זי מאַכט צו מיר:

— ווי דענ? דו מיינסט אז איכ וועל דיר אזוי לאָזנ מיט די בלאָטיקע קאַפּיטעס צו מיר אינ בעט אריינ?

איז שוינ הייסט עס וועגנ גיינ צו איר אינ בעט אריינ קיינ שומ פראַגע ניטאָ? די פראַגע באַשטייט נאָר אינ דעמ צי וועט זי מיר לאָזנ ווי איכ שטיי אונ גיי, צי איכ וועל מוזנ פריער צעוואַשנ די פיס. אונ פּיוואָטירנאָ איז זי ניט געבליבנ אונ

איז גלײב אויסגעוואָקסנ צוריק מיט א װײסער שיסל וואסער אונ דאפּקע וואַרעמע. טו אויס, מאכט זי צו מיר די פּאפּאטשעס דײנע!

אונ פיר פיס נאקעטע אונ פארשארטע ביז די קני האָבנ זיכ אויסגעשטעלט אינ א גרוימער שיסל מיט װארעמע וואסער. די שיסל איז װײס ווי מיט סמעטענע באַשמירט אונ די וואסער װארעם. אונ אלײנ בינ איכ צעגליט. איכ פיל ווי א זודיקער שטראָמ גײט מיר ארומ איבער אלע אײווערימ, אָבער אינ דער זעלבער צײט בינ איכ ווי אינ הימל־פּלעט.

פונ רעגנ צו רעגע טומ זיכ מיר א דוכט, אז עמעצער קוקט אינ פענצטער אונ איכ ווער פארברענט פאר כארפּע. כאָטש איכ דערמאָנ זיכ גלײב, אז די פענצטער זײנענ שטײפ פארהאנגענ מיט װײסע געפּרעסטע פארהאנקעס אונ װעמעס אײסעס איז ביכלאל קוקנ אהער אינ פענצטער?

מאמע זיסער, קלער איכ צו זיכ אלײנ,—װענ דאָס זעלבע קומט פאָר אינ וואלד צווישנ בוימער, צווישנ גראָזנ, נית װײט פונ טײכ, וואָלט איכ אָדער געקלערט, אז ס'איז א שעד אָדער א כאָלעמ. א לאנג געטרוימטער, א לאנג געגארטער אונ ס'וואָלט מיר סײווי געווענ גוט. איכ וואָלט געווענ דאָס גליקלעכסטע ווענ אינ דער וועלט אונ דאָ איז מיר עפּעס אי גוט אי שלעכט.

— ווי פל ביסטו אלט?—פרעגט זי אונ נעמט מיכ ארומ מיט אירע נאקעטע, האלב ארומגעווישטע הענט.

— 100 יאָר,—ענטפער איכ איר. אונ פאל צו צו איר ווי א פּיאווקע צו א שטײקעלע הײלנ לײב.

די אוינג זײנענ בא איר פארצויגנ מיט א שיקערנ נעפּל, מײנע מיסטאָמ אויכ נאָר איכ זע זיי נית. איכ ברענ, איכ ווער פארברענט אונ סע וואָלט מיר געווענ אײביק נומ פונ דעמ, נאָר אײנ זאכ מוליעט מיכ. מיט ווערטער איז עס שווער אױ־בערצוגעבנ. אג'ערעכ איז דער זינ פונ דעמ אזא: „דער פײער מיט וועלכנ איכ ברענ איז נית קײנ רעכט צײטיקער, נישט קײנ קאָשערער. נית קײנ רעכט פארטיקער".

---

אויב דאָס איז געווענ אינ צוויי דרײ שאָ ארומ, ווענ איכ האָב זי נאָכאמאָל געזענ, אונ אויב דאָס איז זי די זעלבע, איז זי ארומגעגאנגענ אינעמ צווייטנ צימער אינ א װײס נארעסנ שאלכל אפ די אקסלענ אונ איז געווענ א פרעמדלעכע אביסל.

וו איז איר מאנ?

עפּעס א פרעמדע שטאָט האָט זי אָנגערופנ: רעקטשיצע. סעסטראָ־בראטסקאָ־רעקטשיצע.

זי זאָגט, אז זי וויל אימ באגראָבנ דעמ מאנ, צי זי האָט אימ שוינ באגראָבנ?

איכ האָב דאפּקע געוואָלט ס'זאָל הײנט זײנ נית קײנ פּראָסטער טאָג. אויב איכ בינ שוינ יאָ בא די קלעזמאָרימ אינ שטוב טאָ גיכער וואָלט עס זײנ א נאָסענע, צי א שלײער־וואַרמעס. מײנ שלײער־וואַרמעס. מײנ כאסענע. טאקע מײנ כאסענע. אונ ארומ זאָלנ זײנ מײנע פרײנט מײנ טאטע־מאמע אויסגעפּוצט אינעמ שענסטנ אונ בעסטנ. ראנ וואָלט אלצדינג געווענ שײנ. הערלעכ. בארײכט אונ באטאמט. באהײליגט אונ באלויכטנ...

---

זאָל עמעצער קומענ אונ זאָגנ, אז סע איז א ליגנ, וואָס איכ דערציײל. שעקער שעבישקאָרים. גישט געשטויגנ אונ גישט געפלויגנ. אז דאָס אַלצ איז אַנ אויסגעטראַכטער אומגעלומפּערט. וואָלט מיכ גיט געאַרט. וואָלט איכ מויכל געווענ. זאָל זײַנ אזוי. אײַנ זאַכ האָט מיכ נאָר געקאָרטעט. איכ וואָלט וועלנ. מיר וואָלט זיכ אזוי געוואָלט אויסגעטריקנט ווערנ פונ סטאַרבעני אויסגעוועפּט ווערנ פּונקט ווי איכ וואָלט באַשטאַנענ פונ לופט גישט פונ קײַנ בוימער. זיכ ארויסרוקנ אזוי, אז קײַנער זאָל מיכ נית זעענ אונ קײַנער זאָל מיכ גיט הערנ. פּאָשעט גיט סטאַיענ אונ אַנ עק.

בינ איכ דאָכ אָבער א מענטש מיט הענט אונ מיט פים אונ דערצו האָב איכ נאָכ דאָ ערגעצ א פערד-אונ-וועגעלע אונ א הורטאָוונעט קוינע, וואָס הײסט מוישע-הערש.

— וועסט קומענ נאָכאַמאָל?—פרעגט זי מיכ איבער מיט א מינע פונ א מענטשנ, וואָס האָט אי אויסגעשפּילט אי נאָרניט געווונענ.

— לאָמיכ דערווײַל פריער אוועקפאָרנ פונ דאַנענ,—האָב איכ איר געענטפערט, ווי אײנער וואָס איז מיטאַמאָל עלטער געוואָרנ אַפ אַסאַכ. פריער לאָמיכ אוועקפאָרנ אונ דערנאָכ וועט מענ קענענ רײדנ פונ קומענ.

— קוק נאָר אימ אָנ, דעמ שלעפּאַרניק! וואָס שטײט עס אימ אזוי גיט אָנ?

— איכ בינ גיט קײַנ שלעפּאַרניק, איכ בינ א האַרבאַרניק.—אונ איכ פיל, אז פונ אײַנ זײַט בינ איכ בא איר א פּליוזקע, א שטיקל שמאַטע, מיט וועלכער זי קאָנ פאַרשטופּנ יעדער לאָכ אונ פונ דער צווײטער בינ איכ בא איר א גאָלדנ פינגערל, א בראָשקע, וואָס זי וואָלט געטראָגנ בא זיכ אַפ דער ברוסט. פונ אײַנ זײַט זידט אינ מיר די רעציכע אַפ איר, פּונקט ווי זי וואָלט מיכ מזעס באַגאַנוועט אונ פונ דער צווײטער זײַט צעגײט זיכ בא מיר אַלע מאָל א וואָרעמקײַט אינ דער זײַט, ווו זי גײט דורכ.

---

געקומענ צו מוישע הערשנ האָט ער זיכ אַפ מיר אויסגעראַמשעט שיר וואָס ער זידלט מיכ גיט, שיר וואָס ער וואַרפט זיכ גיט שלאָגנ. דו ביסט נאָכ גליקלעכ,—שרײַט ער,—וואָס דו פאָרסט אַוועק מיט א פערד.

זײַנ געשרײ גײט מיר עפּעס אינ אײנ אויער ארײַנ אונ פונ דעמ צווײטנ ארויס, נאָר דאָכ טו איכ אימ א פרעג ווי פונ יויצע וועגנ:

— וואָסי?

— פרעג שוינ גיט, וואָס פאַר א צאָרעס מיר האָבנ דאָ געהאַט,—איז שוינ ארויסגעפּאָרנ מוישע-הערשיכע. דו ווײסט דענ כאָטש וואָס פאַר א גאַנאָווים דאָס זײַנענ? ס'איז א שטאָט, אז נאָר אויסגעריסנ זאָלנ זײ ווערנ, וויפל זײ טוענ זיכ דאָ!

— אַנ עק, א סאָפ! לאָמיכ שוינ הערנ וואָס?—האָב איכ עפּעס אומצופרידנ אָפּגעענטפערט די מענטשנ, ווי זײ וואָלטנ מיר געווענ מיט עפּעס מעכויעוו.

לאָזט זיכ אויס, אז דער פערד האָט גיט געסטאַיעט מאַמעש אינ א רעגע ארומ באַלד נאָכ מײַנ אוועקגאַנג. אָט אזוי אינ מיטנ העלנ טאָג. אָט איז ער געווענ אונ אָט איז ער גיט געבליבנ. זײ האָבנ זיכ דערשראָקנ אַפ טויט אונ זיכ א לאָז געטאָנ זוכנ אי מיכ, אי דעמ פערד. פלוצימ איז בראַכיע דער טרובאַטש, א גאָמענ נאָכ אימ, ריבוינעשעלוילעמ, ס'איז שענ דער עמעסער בראַכיעלע, אויסגעוואַקסנ ווי פונ אונטער דער ערד אונ צונעשטעלט דעמ פערד צומ וואָגנ:—טפּר-ר-רו-ו-ו! האָט ער

זוילױנגעריש אויסגעשריגנ, אז מע האָט געקענט דערהערנ פאר א װערסט. האָט שעלמיש א קוק געטאָנ אפ אימלעכנ אונ איז אװעק.

— נו, װידענ.—האָט זיכ אָנגערופנ דאָס מײדל מיט די גראָבע פּיסקעס אונ מיר געקוקט גלײַכ אינ פּאָנעם ארײַנ. אז ער שטעלט אַנידער דעמ פערד אפ צוריק טאָ פאר װעמענ האָט ער שוינ װאָס מוירע צו האָבנ?

איכ האָב א קוק געטאָנ אפנ מײדל, װי רײנ זי איז, כאָטש זי איז שװארצ אונ פאַרמורזעט. װי לױטער אירע געדאַנקענ זײַנענ אונ איכ קלער:

װענ איכ קענ זי דאָ אויסקושנ פאר אימלעכנ אינ די אויגנ, װאָלט איכ עפּשער אויכ געװאָרנ רײנער אונ פרישער... זי האָט עפּעס דערפילט אינ מײַנ בליק אונ דאָס האָט זי געמאַכט נאָכ דרײסטער אונ באַרײדעװודיק.

— איר װײסט,—זאָגט זי,—ער װעט נאָכ בעטנ איר זאָלט אימ באַצאָלנ אויכ... יאָ, יאָ, יאָ. זײ זײַנענ אזעלכע.

---

...יאָ, יאָ, יאָ. זײ זײַנענ אזעלכע.—האָב איכ געקלערט שוינ אפנ װאָגנ זיצנדיק. כאָטש זי האָט בא מיר קײנ געצאָלט ניט געבעטנ פאר גאָרניט.

הײסט עס, אז איכ האָב בא איר אויסגענומענ. מיט װאָס איז מיר שװער צו טרעפנ. נאָר אז זי האָט אימ געהײסנ אװעקשטעלנ צוריק דעמ פערד, איז דאָכ עס ניט קײנ שפּילעכל. „איכ שמיר ניט"—זאָגט זי.—„סע װעט ניט כאָפּקענ. די שקאַפּע גײט צוריק". א כאַליערע אינ זײערע בײנער. איכ װײס דאָכ אפילע ניט קײנ צענט־בײליק פונ דעמ, װאָס האָרטנ טוט זיכ.

---

אז איכ בינ ארײַנגעפאָרנ צו זיכ אינ שטעטל האָב איכ געזענ װי אינ קלויז, װאָס איבער דער אָפּגעברענטער פּידמאַרגװוקע ברענט שוינ פײַער. יײדנ האָבנ קענטיק גע־דאװנט מײַרעװ. אייב איכ האָב קײנ טאָעס ניט איז יענער ייד, װאָס שטײט אָנאָ לעמ פענצטער, דוכט זיכ, מײַנ טאַטע.

— טאַטעלע, מע האָט אונדז באַגאַנװעט!—האָבנ בא מיר א כליפּע געטאָנ פונ טיפנ הארצנ אזעלכע אָדער ענלעכע װערטער.—מע האָט אונדז באַגאַנװעט, נאָר מע דארפ שװײַגנ. איכ שװײַג אויכ.

א װײַבל, װאָס איז דורכגעגאַנגענ אינ דער טונקל האָט שטאַרקער א קוטע געטאָנ די שאַל ארומ זיכ אונ זיכ דערשראָקנ אומגעקוקט. זי האָט גישט פאַרשטאַנענ. װער רעדט עס עפּעס צו זיכ אלײנ.

— נאָ—אָ—האָב איכ אינדערגיכ אװעקגעשמיסנ דורכנ קלײנעמ געסל. זאָל זי מיכ בעסער ניט דערזענ אונ טאַקע ניט װיסנ װער ס'איז: „אז מע װיל איז עס עמעצער אונ אז מע װיל איז עס קײנער ניט. געװענ אונ אװעקגעפלויגנ".

איכ האָב געבעטנ אינ שטוב סע זאָל עמעצער אויסשפּאַנענ דעמ פערד אונ אלײנ בינ איכ אװעק אָנ װעטשערע שלאָפנ.

— װאָס איז דיר פאר א נוסט? האָט מיכ די מאַמע אומרויק א טאַפּ געטאָנ פארנ קאָפּ.

— לאָזט מיכ צורו. ס'איז גאָרניט. איכ בינ פאַשעט מיד.

---

א נײַס, א נײַס, א שפּאָגל נײַער. ערשט פונ דער נאָדל ארויס:
איכ פאָר אוועק.

גענוג מיר דאָ פארגרעבט ווערנ לעמ די „שקורעס". איכ קאָנ באשטיינ ווערנ א לערער אינ א דאָרפ. ס'איז אקוראט אָנהויב זמאַנ. איכ וועל זיכ געפינענ אנ אָרט.

מײַנ טײַנ איז מער ווי אלע מאָל דאפקע איצט געווענ א באטראכטער:—אינ טשערנעוועצע, צוויי ווערסט פונ סטארבעני וווינט דער ייִדישער פּאָסעסער, דער אופּגעקומענער גוויר בערל באלאבושקע. ער, האָב איכ געהערט, זוכט א לערערל פונ זײַנע צוויי קליינע כעווורע ווענג. 60 רובל פארנ זומער מיט קעסט אונ מיט אלעמ גרייטנ.

אהינ צו זײַנ ווײַב האָט סטערקע אנ אײַנגאנג...

אפ וואָס דארפ איכ סטערקענ אונ וואָס וועט מיר פונ דעמ ארויסקומענ אויב זי האָט אהינ אנ ארײַנגאנג? פארקערט, איכ וואָלט זי נאָר דארפנ ארומגיינ פאר צענ גאסנ אונ ווײַכנ דעמ אָרט ווו זי שטייט! נאָר דאָס פרעגט בא מיר ניט, ווײַל איכ האָב אליינ נישט געקענט דערגיינ אינ דעמ קיינ טאָלק.

ס'האָבנ נישט געהאָלפנ דער מאמעס טרערנ, דעמ טאטנס רויגעז. איכ האָב פארלאָזנ דעמ מיסכער, אוועקגעוואָרפנ די מעלאָכע אונ בינ אוועק אינ א פרעמדער שטוב קנעלנ מיט פרעמדע קינדער.

צומ גליק האָב איכ דאָרטנ אזוי געזענ סטערקענ, אזוי ווי איר האָט זי געזענ. מע דארפ נאָר זײַנ איינ בעריע אינ דער וועלט מע זאָל אזעלכס ווי זי אויסטראכטנ. זי איז נאָכ די וואָכ אוועקגעפאָרנ, כ'ווייס? מע זאָגט גאָר, אז מיט א רוסעשנ אָפיצער. ווייסט זי דער שוואַרצער יאָר. מיילע זיי וועלנ שוינ ביידע האָבנ דעמ גליק. די יאטלעב האָט זי דערווײַלע איבערגעלאָזנ בא דער מאמענ.

אלע מאָל אז איכ כאפּ זיכ אראָפּ פונ דאָרפ קיינ סטארבעניע, פלעג איכ פארכאפנ מיט זיכ א פּאָר צוקערקעס, א לעקעכל, א ניסל אונ זיכ פארנארנ נאָכ אבי וואָס אהינצו אינ שטוב ארײַנ. איכ ווייס? איכ טראמקע אביסל אפנ פידל אונ דאָרט שפּילט מענ אפ פידלענ... אז מע וויל, זוכט מענ זיכ אָפּ א טערעצ.

האָט זיכ די אלטע אמאָל צערעדט פונ דער טאָכטער פונ אירער האָב איכ געהערט. האָט זי געשווינגנ, האָב איכ איר נאָרנישט ניט געפרעגט. נאָר פרעגנ איז סײַ ווי נישט געווענ וואָס, זי האָט נישט געשריבנ, ווי די ערד וואָלט זיכ איבער איר פארמאכט.

אונ די קנעלונג איז מיר געוואָרנ טרייפ אונ פאסקודנע. איינ מאָל אפּ וואָס דארפ איכ עס. צווייטנס זײַנענ די באלעבאטימ גראָבע לײַט אונ בא זייער גאנצער גראָבקײַט בלאָזנ זיי נאָכ פונ זיכ. אז יענער איז נאָר בא זיי גאָר ניט פארעכנט פאר קיינ מענטשנ.

אזוי ווי זיי צו מיר, אזוי בינ איכ געווענ צו זיי. אָפּגעקנעלט די פּאָר שאָ מיט די כעווורע קוק איכ ניט אינ זייער זײַט אונ זיי אינ מײַנער. סײַדנ אמאָל א פויער כאפּט זיכ ארײַנ אויסרייכערנ א ליולקע טוטינ אונ פארברענגענ אביסל.

די מויד זייערע די עלטערע דאפקע גישקאָשע פונ א קלעצל איז אָדער זי פאָרט אוועק אפ צוויי וואָכנ צו שנײַדערקעס צי מאָדיסטקעס אונ אז זי איז שוינ יאָ אינדערהיים האָט זי זיכ געמאכט א מאָדע ריידנ רוסיש. אנדערש איז זי מינאסטאמ בא איר טאטנ ניט געווינט געוואָרנ, נאָר „פאָ רוסקאָמו". נו, אויב שוינ יאָ נאָר

„פאָ רוסקאָמו“ טאָ רעד צו דער וואנט. רעד, רעד. דו וועסט אזוי לאנג ריידנ, ביז זי וועט דיר אמאָל ענטפערנ.

דערווײַל האָב איכ אָנגעהויבנ הערנ פונ דערהיים שלעכטע גריסנ. דעם טאטנ איז מענ געקומענ אָפּשרײַבנ. פאר וועקסלענ, דורכגעגאנגענע טערמינענ, איידעלע סתּווי־רעס. כראָט, בילגיי, שאוראָ, ווילנע, ווארשע, ביאלאָסטאָק. ס'איז טאקע אקוראט פאר זײַנ קאָפּ. אז בעפיירעש אונ ער עס צונויפגעשלאָפּט נאָר פונ מײַנטוועגנ. ווי דענ? אים זײַנענ אָפּגעגאנגענע אזעלכע געשעפטנ? נעמ איכ אונ דאנק אים אָפּ. פונ די יעדיעס האָט מיר אויסגעריסנ א שטיק הארצ. צי וועל איכ אמאָל קענענ טאָנ נוטס עמעצנ, דאָס איז נאָכ א פראגע, אָבער שלעכטס האָב איכ שוינ אויפגעטאָנ אונ וועמענ? אזא שטילנ איבערגעגעבענעם מענטשנ ווי דער טאטע. ער איז דאָכ עמעס א שטילער, אנ ערלעכער אונ א פארהאָרעוועטער מענטש.

קענ איכ דאָכ מויכל זײַנ דעמ גרויסנ פארגעניגנ וואָס איכ האָב דאָכ פונ דער קונדיציע? איאָ? ווו איז אָבער האָנאָר? וואָס הייסט איכ וועל עפּעס קומענ אינ מיטנ חריענ אהיימ זיכ אָנשלאָגנ: „נא פאנע בי טענע“. אָט בינ איכ, נעמט מיכ צו, איכ בעט אײַכ“.

---

שמארקער פונ אלע טאָג, פלעג מיר צוטרעטנ צומ הארצנ דער שאבעס:

קנעלנ, קנעל איכ נימ. טוג, טו איכ גאָר נימ, אויסריידנ א וואָרט איז נימאָ צו וועמענ. סטדי צו דער קאצ, וואָס ווארעמט זיכ אפנ פריפעטשיק. שטיי איכ אזוי אָפּ שאָענווײַז אונ קוק מיר אינ פענצטער. אמאָל טרײַבט דורכ א פארמורזעטע דאָרפיש יאטל א פאָר כאזיירימ אונ אמאָל איז דאָס אויכ נימאָ.

איינמאָל אזוי שטייענדיק, איכ וואָלט מעגנ שווערנ, אז איכ האָב פונ קיינ שומ זאכ נישט געטראכט, אינ קאָפּ איז געווענ ליידיק אונ ס'האָט געהודיעט ווי אינ א פוסטקע. פלוציט שווינדלט מיר דורכ פאר די אויגנ דער מאמעס פּאָנעמ, נו, פונקט ווי זי וואָלט לעמ מיר געשטאנענ אונ ס'האָבנ מיר דוכט זיכ א קלוגנ געטאָנ אירע ווערטער:

„שפּײַ זיכ אויס, מײַנ זונ. מיר זײַנענ דאָכ בא דיר טײַערער“.

ס'האָט זיכ עפּעס א ריס געטאָנ אזוי פלוצימ, אזוי פײַל אויסגעבויגנ אונ אינ צימער איז שטיל אונ סע קיינער אויסער מיר נימאָ, אז ס'האָט זיכ מיר פּאָשעט אָפּגעריסנ אינ הארצנ. וואָס הייסט עס? ס'דאָכ בעפיירעש געווענ דער מאמעס פּאָ־נעמ אונ דער מאמעס קאָל. צי דענ האָט זיכ דאָרטנ מיט זיי עפּעס געטראָפנ?

אונ אזוי ווי איכ בינ געשטאנענ באַם פענצטער אזוי האָב איכ זיכ אויסגעדרייט צו דער קיכ־טיר, פונ קיכ אינ הויז, פונ הויז אינ דרויסנ אונ גלײַכ צומ שליאכ אונ צומ עק דאָרפ אונ אזוי אָנ א זײַ־געזונט אונ אפילע קיינעמ קיינ גוטנ טאָג נימ געזאָגט.

איכ האָב אָפּגעטופּעט די אכצנ ווערסט פונ שטשערוועגע ביז אונגהזער שטעטל, אז נאָר א בּאָראָכ איז געגאנגענ פונ אונטער מײַנע פיס.

צו פארנאכט צו בינ איכ אומגעריכטערהייט אונ זיכ גאָר נימ גרייטנדיק צו דעמ שוינ געווענ לעמ דער הייט. איכ האָב געזענ פונ דער ווײַטנס שפּאצירנדיקע פּאָר־לעכ, נאָר ווזאזוי גייט מענ עס ארײַנ שאבעס א וואָכעדיקער, א פארפילעטער מיט

פאַרשטײבטע צװײ שיכלעם אין שטאָט אַרײַן? האָב איך איבערגעװאָרט אונטער די שפּערן אין עק שטאָט ביז די טשערעדע איז דורכגעגאַנגען און ביז סע געװאָרן גוט טונקל און ערשט דאַן בין איך אַװעק איבער די גערטנער אַהײם.

די מאַמע און די קלײנװאַרג האָבן מיך געכאַפּט קושן. דער טאַטע האָט מיר אָפּגעגעבן שאָלעם און זיך נישט אָפּגערופן נישט גוט און נישט שלעכט. ער האָט נאָר עפּעס געדאַװנט און װי געזוכט אין פענצטער דעם שאַבײסצונאַכטס מיט דער קוטענדיקער װאָך. בלײַך איז ער געװען טאַקע. גאָר ניט צו פאַרגלײַכן.

— דאָ איז בײַ אונדז גאָר נישט ניט געװען. ס'האָט זיך גאָרניט געטראָפן?—האָב איך װי אומגערן א פרעג געטאָן בײַ דער מאַמע. זי האָט מיר אַקוראַט אופגעגאָסן װאַסער און געהאַלטן א האַנטעך איך זאָל זיך צװאָגן.

— װאָס האָט דאָ געדאַרפט זײַן?—האָט די מאַמע ניט פאַרשטאַנען מײַן פראַגע. קײנער איז ניט געװען שלאָף ניט הײַנט און ניט נעכטן.

— נײן, אַפּ סאָנימס קעפּ! װאָס איז דען?

— יאָ, יאָ,—איז אונטערגעלאָפן דאָס קלענערע שװעסטערל. דער טאַטע האָט זיך געװאָרגן מיט א בײגל. ער האָט שױן אױסגעגלאָצט מיט די אױגן און דער פעלדשער האָט קױם אַרױסגענומען.

—א=א=א? דאָס יאָ,—האָט די מאַמע זיך דערמאָנט, װי אין א קלײניקײַט, װאָס סע ניטאָ פון װאָס צו רײדן.—גאָר דער פעלדשער. איך האָב אַלײן אַרױסגענומען. אַז דער פעלדשער איז געקומען איז שױן גאָר ניט געװען. קום, מײַן זון, קום. קום װעסטו עפּעס געמען אין מױל אַרײַן.

— אַזױ, פּלוצים אַזױ אומגעריכט און קאַנאַנאָרע אַזאַ גאַסט,—האָט זי זיך געהאַלטן אין אײן פרײען.—נו, אַדאַנק גאָט, אַדאַנק גאָט. ניט פאַרשטערט זאָל מיר װערן. מיר האָט זיך אָבער געבאָלעמט די מאַמע, זאָל זײַן װײט אָפּגעשײדט, אַזױ װי זי איז דורכגעגאַנגען פאַרבײַ דעם גרױסן גאָרטן אין איר זײַדענער קװײטנדיקער פאַטשײלע און האָט געשמײכלט.

מע האָט אָנגעצונדן פײַער און אַז נאַפּטאָלע האָט זיך אַרײַנגעשטעלט מיט זײַן צעשפּיליעטער קאַפּאָטע און צעבראָסטעטן בוזעם, װי זײַן שטײגער איז (דאָס איז שױן בײַ אים א כאַזאָקע—שאַבעס צו נאַכט קומען צו אונדז טרינקען טײ) און מיך דערזען, האָט ער טבילעס געזשמורעט די אױגן אַנטקעגן דער שײַן און זיך נישט געגלױבט. ערשט הערנאָך האָט ער מיר געמאַכט די עמעסע װאָרע און שױן דאַפּקע אַפּ זײַן אױפן:

— שמיליקל, מײַן זון,—שפּיל נאָר אונדז עפּעס אָפּ אַפּן פידעלע מיט די דריבניאַסטינקע פינגערלעך. טשים טשירי באָם. טשים טשירי באָם.

און איך האָב טאַקע געמוזט שפּילן, אַבי ער זאָל זיך אָפּטשעפּען. א טײַערער ייִד אָט דער נאַפּטאָלע. פון אים װעל איך נאָך ערשט אַמאָל דערצײלן.

אין שטוב האָט מיר אױסגעזען עפּעס אַלץ אַזױ װי פרעמדלעך. בעסער געזאָגט: „נישט קענטלעך“. דעריקער דעם טאַטנס בלײכקײַט. װערליך איך קען אים, װאָלט איך זיך נאָר קײנמאָל ניט געריכט ער זאָל װערן בײַ זיך אַזױ אָפּהענטיק און געפאַלן, און פאַרװאָס? איך װאָלט פּאָשעט װעלן װיסן פאַרװאָס?

היימלעכער איז מיר אלץ געוואָרנ זונטיק אינדערפרי, ווענ איכ האָב אָפּגע- שלאָפנ די הארבאַטניע, האָב דאָרטנ צעעפנט די פענצטער אונ גענומענ ארויס- טראָגנ דעמ מיסט אונ זיכ ארומקוקנ וואָס ווו עס ליגט, וואָס וווהינ סע געהערט.

אלע דרײַ מינוט איז די מאמע געקומענ זענ, וואָס איכ טו. זי רעדט אונ דער- ציילט, אונ איכ פיל, אז פונ רעגע צו רעגע קומט איר צו געזונט.

— מײַנ זונ, — מאכט זי, — מיט דײַנ קומענ איז געקומענ די בראָכע צו אונדז אינ שטוב ארײַנ...

— וואָס איז? די קאַץ האָט זיכ עפּשער אָפּגעקעצלט?

— זע נאָר. דאָס איז דאָכ טאַקע אנ עמעס. די קאַץ אונדזערע האָט זיכ טאַקע אָפּגעקעצלט. נאָכ פארטאָג. פינפ קעצ ליגנ דאָרט אינעמ אלטנ זיפּ אינ קיכ צווישנ אויוונ. נאָר דאָס איז נאָרניט. א גאַנצנ טאָג, אז מע האלט אינ איינ טראָגנ אינ שטוב ארײַנ. אז ניט איבערגערעדט זאָל זײַנ! אָט האָט דער אָלעניטשער געבראַכט אינדערפרי א פּעקל פעל אונ איבערגעלאָזנ אפּ באָרג. ער האָט אפילע די צונג ניט איבערגעקערט ווענג קיינ געלט. אונ די אלטע דיאָמטשיכע האָט געבראַכט עפּשער צוויי גלעזער מאָנ. זי נעמט בא מיר אמאָל אביסל סאָדע אָדער וואָס.

— אהאַ, דערפאַר קאָכנ זיכ בא אונדז אזעלכע געשמאַקע וואַרעניקעס? איכ האָב געזענ, איכ האָב געזענ!

— מיר וואָלטנ סײַווי ניט געזעסנ, כאָלילע, קיינ הונגעריקע, נאָר פונ קיינ טאָג האָב איכ היינט ניט געקלערט, אפילע ניט אופגעדאַכט... ווײַטער האָט דער אלטער האמערמאַנ נאָר וואָס געבראַכט צו טראָגנ א דרײַערל בויז, וואָס מיר האָבנ גע- מיינט, אז סע איז שוינ לאַנג פארפאלנ. „כאַי טאַי זשיווע כטאָ מעני ווינעג". קיינ ייִדישע געשעמטע טאָר מענ ניט קראַצנ.

— דער אָלעניטשער, וואָס האָט געבראַכט די פעל איז א פרײַנט עפּשער מיט יענער?

— מיט וועמענ, מיט ניטלענ, מיינסטו? פונ דער מיל? דוכט זיכ, אז ניט. וואָס איז? אנטקעגנ וואָס פרעגסטו?

— גלאַט אזוי!...

— גלאַט אזוי! אבי איכ האָב געמיינט, אז דו מיינסט עפּעס מיט דעמ. וואָרומ די גאַנצע צײַט האלט מענ איר אינ איינ ריידנ וואָזשנע שידוכימ אונ זי שווײַגט.. זי וואַרט, ווײַזט אויס, אפּ אנ ענטפער פונ דיר...

פאַר די פּאָר שאָ, וואָס איכ בּאָרע זיכ אינ הארבאַטניע האָט די פארלאָזנקײַט פאַמעלעכנ אָנגעהויבנ אָפּטרעטנ דעמ וועג. די דאָגאָזשעס מיסט ארויסגעטראָגנ, די בימנ—אויסגעטריבנ, דאַפקע מיטנ מאַטנ אינגײַנעמ. ער איז געשטאַנענ באַמ ברעטל אונ איכ האָב געשלעפּט, אונ ווענ דער אָלעניטשער מיידל האָב איכ געטראַכט מיט וואַרעמקײַט אינ הארצנ. אז וועלכע מיידלעכ, סײַ פונ די היגע, סײַ פונ די אָנגעפאָ- רענע קענענ זיכ מיט איר גלײַכנ? דאַרמאָ, וואָס זי טראָגט א גרויסנ נאָמער שיכ. מיר זײַנענ דאָכ אליינ הארבאַרעס. וואָס איז? סע וועט בא אונדז ניט סטאַיענ קיינ לעדער?

אונ דאָ וואָלט זיכ קענענ ענדיקנ דאָס קאַפּיטעלע „פאַר צוואַנציק יאָרנ".

אַ שוינ לאַנגלעב, לאַנגלעב, אַז דאָס אַלצ האָט זיכ געטאָנ. פונ מײַנ פערד, מיט װעלכנ איכ האָב זיכ אַזױ געגרױסט איז שוינ, דוכט זיכ, דער שאַרבנ צעפױלט אונ צעפאַלנ געװאָרנ. נאָר די רעגע אונ די געמיטלעכע רעגע פונ אַהײמ-קער געדענקט זיכ אַזױ גוט.

דאַנ איז מיר זיכער ניט אײַנגעפאַלנ אינ געדאַנק, אַז אינגיכנ װעט מיר די קלײנשטעטלדי רו אױסקומענ בײַטנ אַפּ אומרו פונ שטעט. איכ װאָלט דאַנ אױכ ניט געגלױבט, אַז איכ אַלײנ װעל זײַנ באַקאַנט אונ אַפילע באַפרײַנדעט מיט אַ לעבע-דיקנ דיכטער, װאָס האָט קימאַט אינ מײַנ אָנװעזנהײט אונ פאַר מײַנע אױגנ געשאַפנ גאָלדענע שורעס װעגנ אַ װעװריק. װעגנ אײנעמ אַ װעװריקל, װאָס האָט נאָכ לאַנג װאָגל אונ מאַטערניש זיכ אומגעקערט אינ דער װאַרעמער הײמ.

איר זײַט זיכער באַקאַנט מיט די שורעס... נאָר אױב איר װילט, טאָ לײענט זײ איבער נאָכ אַמאָל:

„געדענקסט כ'האָב געװאָרנט, געבעטנ בײַ דיר —<br>
נו, זאָג, װעסט שוינ קײנמאָל ניט װערנ פאַרפירט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

געקוקט אינ די אױגנ, געקוקט אונ געלײענט<br>
טױזנט מאָל יאָ אונ טױזנט מאָל נײנ!“<br>
נאָר דאָס איז שוינ אַ קאַפּיטל פאַר זיכ.

---

**איטשע באָרוכאָוויטש**

# ל י ד ע ר

## דער רײַטער

ס'פילט דער רײַטער ניט קיין מידקייט,
ער איז שטענדיק אין גאלאָפּ,
ניט איין מאָל א קויל זײַן היטל
פלענט אראָפּרײַסן פון קאָפּ.

נאָר דער רײַטער טוט ניט זעען,
פונקט ווי גאָרניט איז געשען,
ס'זײַנען גרוי בא אים די ברעמען,
און די אויגן פול מיט ברען.

יעדער וועג און יעדע שמעגל
פילט די שמארקייט פון זײַן שפּאן,
אך! ס'איז שווער געווען דער לעבן
אין דער שאכטע פון סומשאן.

ס'זײַנען ברעמען גרוי געוואָרן
און די האָר די בלאָנדע—שווארץ,
נאָר ניט געקענט האָבן די יאָרן
אויסשעפּן די פרייד פון הארץ.

לאָזן קוילן פײַפן, זשומען,
רײַסן ס'היטל פונעם קאָפּ,
ער וועט סײַווי ביזן קומען
ניט פארהאלטן דעם גאלאָפּ.

לאָז א קויל די הימל רײַסנ,
נאָר ניט משעפּענ זאָל דעמ קאָפּ,
לאָז דער פערד פונ שוימ זיכ גרײַזנ
נאָר ניט בײַטנ זײַנ גאלאָפּ.

ס'איז שוינ גאָרנישט ניט געבליבנ
שוינ מיט האנט דערלאנגענ... אָט!...
דאָרטנ זײַנענ שטרענגע ברידער,
דאָרטנ איז סערגיי לאזאָ.

ער וועט דאנ דעמ פערדל פויענ
אינ די וואסער פונ בײַקאל,
ער וועט אפ די גראָזנ־טויענ
מיט א שווערקײַט מאָנ א פאל.

און פאר נעכט, וואָס ניט דערשלאָפנ
וועט ער אָפרוענ א שאָ...
דאָרטנ זײַנענ שטרענגע ברידער,
דאָרטנ איז סערגיי לאזאָ.

און דערפאר איז העכער, העכער,
רײַטער, הויב דײַנ שטאָלצנ קאָפּ
אָט דער פאר זאָל זיכ ניט ברעכנ
בא דעמ פערד דײַנס דער גאלאָפּ.

## דערמאָנונג

ס'איז דער הימל זויבער־זויבער
און דער שניי הײַנט בלוי פונ פראָסט,
ס'זײַנענ זילבערדיק די שויבנ
און ס'איז ברעכעדיק דער גלאָז.

גיי איכ צו צומ קליינעמ פענצטער
און איכ בלאָז ארוימ א רונג,
ס'טוט א ווײַסקײַט מיר פארבלענדנ
און דער דרויסנ טוט א רופ.

מיט פארזוימטע באָרד און ברעמען
קומט דער פאָטער פון דער גאס
„אוי, א פראָסט איז היינט א ברעגיקס
און ער רייבט די הענט פון קאס.

און ס'איז מיר אזוי אָ פריילעך
און ס'איז ווארעם אין דער שטוב
און מיר דוכט: עס האָט קיין מיילעך
ניט געלעבט אזוי אָ גוט.

זאָג איך: „פאָטער זיי ניט ברוינעז,
זיי ניט ברויגעז אפן פראָסט
און עס לאכן זיינע אויגן,
און זיי שפיגלען אָפּ ווי גלאָז.

נעמט דער פאָטער דאן א ציימונג
פוט אָן ברילן אפ דער נאָז:
„וואָס זשע הערט זיך צווישן ליימן"
און פארגעסט שוין וועגן פראָסט.

ס'איז דער הימל זויבער-זויבער
און ס'איז זויבער אויך מיין הארץ

. . . . . . . . . .

ווינטער כ'האָב אפ דיר געוואכט
מיט א קישעף אפ די אויגן....

## כ'ווייס ניט ווען זאָל איך ליבן...

כ'ווייס ניט ווען זאָל איך ליבן,
אז כאסאגיט זיינען זיבן...

איינער פון דעם צווייטן בעסער
שלאנקער, וויקסיקער און גרעסער...

ניט איין טאָג שוין, ניט איין נאכט
אלץ איך קלער און אלץ איך טראכט,

יעדער װערט איז מ׳זאָל אים ליבנ,
אַלע גוטע, אַלע זיבנ...

אונ ס׳איז גאָרניט קיינ בייז=װונדער,
װאָס כ׳האָב יעדנ ליב באַזונדער.

כ׳װעל זיי אופקלײַבנ אינייינעמ
אַלע גוטע, אַלע שיינע,

כ׳װעל זיי זאָגנ: ליבע מײַנע,
כ׳װעל זיי זאָגנ: בעסטע מײַנע,

כ׳גיב א רעטעניש אַפ קלערנ,
ניט קיינ גרינגע, ניט קיינ שװערע;

ניט קיינ גרויסע, ניט קיינ קליינע —
ס׳קענ זי לייזנ יעדער איינער

װער װעט מיר אנ ענטפער געבנ
יענעמ גיב איכ אָפ מײַנ לעבנ.

אוי, א צאָרע! אוי, א צאָרע!—
ס׳זײַנענ זעקסענ ניט געװאָרנ...

אונ פונ אַלע גוטע זיבנ
איז דער טײַערסטער געבליבנ.

---

אי. דרוקער

# אין ליניעצ

(פונ בוכ „פייסי סטאָליאַרסקי")

בינימינ נאָבנגעבער דער אָנפירער פונ דער ליניעצער קלעזמער־קאָמפּאַניע האָט שוינ לאַנג אוועקגעוואָרפנ דאָס שפּילנ און לאַנג אופגעהערט זיכ קאָכנ אינ זײַנ פידעלע—ער האָט געמאַכט געשעפט מיט די ראַבעִנישע הויפנ, און ווי א סימכע, אויכ ווי א כאַסענע האָט זײַנ קאַפּעלע געשפּילט. אויכ וואָס מער ער האָט באַקומען, אלצ ווייניקער האָט ער געצאָלט די קלעזמער.

די ערשטע צײַט האָבנ אימ כעוורע באַדויערט:—וואָס איז געוואָרנ פונ בינימינענ?—אָט דאָס איז בינימינ?!

—ווי באַלד ער האָט פאַרשעמט דאָס פידעלע קאָנ ער שוינ פאַרשעמענ אלצ... געלט דאָס איז די בייזע שפּיל פונ דעמ שאָטנ, וואָס קאָנ אראָפּפירנ ביזנ גידעריקסטנ גרונט און פאַרפירנ צו אלדי רוכעס,—אזוי האָט געזאָגט שלוימע פּייסעס דער בעסטער שפּילער, דער עלטסטער און כאָשעווסטער פונ אלע.

דאָס באַדויערנ איז אריבער אינ פאַרדראָס, און דער פאַרדראָס אינ קאַס:—ער באַגאַזלט אונדז—ער באַרויבט אונדז!

ס'איז דערגאַנגענ איינמאָל אפילע אזוי ווײַט, אז איינער פונ די קלעזמער האָט זיכ אוועקגעשטעלט אינדערהויכ אפ א באַנק און האָט פאַרצויגנ א מאָלע, די גאַנצע קאַפּעלע האָבנ מיט זייערע אינסטרומענטנ אונטערגעהאַלטנ. דאָס האָט באַטײַט, אז ער, בינימינ, איז אויסגעשלאָסנ געוואָרנ פונ זייער כעוורע—ער איז פאַר זיי געשטאָרבנ...

די שווערע נויט האָט אָבער אלעמענ געצווונגענ בלײַבנ. די שווערע נויט האָט געצווונגענ שלוימענ ברענגענ זײַנ 12־יאָריקנ לייבלען און אויכ אימ אוועקגעבנ אינ בינימינס הענט...

אפ דער „פּראָבע" זײַנענ אלע קלעזמער בײַגעווען. אזוי האָט געוואָלט שלוימע און בינימינ האָט אימ גענומען נאָכגעבנ.

לייבל האָט געשפּילט זײַנ איינענעמ פרימאָרנ־ניגנ. די אויגנ, דער בלאַסער פּנעמ האָבנ זיכ בא אימ אָנגעצונדנ, און ער אינגאַנצנ איז דוכט זיכ, ווי העכער אויכ גרעסער געוואָרנ.

עס הודעט א דודקע... עס שורשעט א ריוטשאָק, א ווינטל הוידעט די בוימער און וועקט די זאַנגענ...

— טשיר-טשיר-טשיר — גיט א צווישער א פויגל...

א קולקעט גייט דורכ אלעמענ איבערנ לײַב — די קולקעט פונ טוי. אונ אָט צעגייט זיך אינ אלעמענס ביינער א וואַרעמקײַט. אונ די אויגנ הויבנ זיך אָנ זשמורען — די זונ גייט אוף, די זונ באשײַנט די וועלט...

בײַ אורעמצע פויקער האָבנ זיך טרערנ באוויזנ, אויב באקל קלאַרנעטיסט האָט א כאפ געטאָנ דעמ קלאַרנעט צו די ליפּנ. אימ האָט זיך פארוואָלט באגלײַטנ דעמ פרימאָרג מיט זײַנ אייגענעמ לויב-געזאַנג.

ביניאָמינ איז געבליבנ פארגליווערט שטיינ אפ איינ אָרט. די האַנט אונטערגע-שפארט אונטערנ קאָפּ אונ די אויגנ ניט אראָפּגענומענ פונ לײַבלען.

א טיפע בענקעניש האָט אימ מיטאמאָל ארומגעכאפּט נאָכ זײַנ פידל אונ ער האָט זיך דערפילט שולדיק... ער האָט זי דאָכ אמאָל אזוי ליב געהאַט — אינ די סאמע שווערסטע מינוטנ פונ זײַנ לעבנ פלעגט ער זיך אויסריידנ פאר איר, פאר זײַנ פידל אונ זי פלעגט זיך אָנעמענ, אויסטײַנען אונ אויסקלאָגנ זײַנע ווייטאָקנ... זי פלעגט אימ אופהויבנ פונ זײַנ גידעריקנ לעבנ אונ דערהויבנ העכער אונ העכער... אונ איצט איז ער א געפאלענער, א גרויסער געשאָמט-יווערער.

— זײַנ הארצ איז שטומ. זײַנ אויער איז טעמפּ, ער הערט אונ נעמט אופ בלויז דעמ געקלאַנג פונ טאמבייעס...

עס ווילט זיך אימ אָנכאפּנ אינ יעדנ פידל-קלאַנג, וואָס ער הערט דאָ. זיך ארומ-כאפּנ קושנ מיט לײַבלען אונ ארומנעמענ זיך מיט דער גאנצער קאַפּעלע...

לײַבלס פרימאָרגנ-ניגנ הויבט אָנ פארוואָלקנט ווערנ. אויב אלצ, וואָס איז ערשט אופגעגאַנגענ, פארנייט אונ פארגייט...

פונ טיפ אינעווייניק פונ פידל, פונ טיפ אינעווייניק פונ הארצנ רײַסט זיך א חיי. ער באַרירט די סטרונעס. די סטרונעס צאַפּלענ, אונ די הענט הויבנ זיך מיט א טײַנע. — פארוואָס פארגייט אזוי פרי דער פרימאָרגנ?!

אײַ גוט... — קוויקנ זיך קלעזמער — אײַ ס'ארא הארצ-רויבער — ס'איז א טעמטע-ניו, א פעדראַצור!... א וווּנדערקינד!...

— ס'איז ווּנדער, ווּנדער!...

אויב אינ טאמע ווּנדער האָט זיך פלוצים, אײַליק דורכגעריסנ דער סויבער אינ ביניאָמינס הארצנ אונ ער האָט זיך פאר דעמ ווּנדער שטארק דערשראָקנ — ס'פעלט אימ מער ניט אויס, אז מ'זאָל אינ ליניעצער קאַנט זיך דערוויסנ וועגנ דעמ — דאָס איז אויס ביניאָמינ, אויס קאַפּעלע, אויס געשעפט!...

— איר זײַנט דהאַפּאטשעס! — איר זײַנט הינקענדיקע שנײַדער, איר ווייסט ניט ווער ס'האָט אײַב געשלייערט, — איז ביניאָמינ ארויס פונ די קיילים, — ניט אפ קיינ פידל וועט ער בײַ מיר שפּילנ נאָר אפ א טרובע. ער איז ווי געבוירנ געוואָרנ פאר דעמ. אונ געבליבנ איז ווי ביניאָמינ האָט געזאָגט. ער איז באַלעבאָס, ער האָט אלעמענ אינ די הענט...

דאָס איז אָבער געווענ ניט נענונ אפ צו באַרויקנ ביניאָמינען.

— פאר אזא מינ בעוורעמאַנ ווי לײַבל איז קיינ טרובע אויב ניט קיינ באַוואָרע-ניש. ער וועט זיך בײַ אימ לאַנג ניט האַלטנ. דעריקער, מיט אימ קאָנ נאָכ אוועקגיינ שלוימע, אונ ער בלײַבט בײַ עטלעכע צעבראָכענע שארבנס.

— ניינ, לייבל טאָר ניט שפילנ. לייבל מוז אופהערנ שפילנ. אונ וואָס גיכער, אַלצ געזינטער וועט זײַנ פאַר אים.

ביניאָמינ האָט געוווּסט פונ אסאַכ מיטלענ...

ניסע בעלזער האָט ער געהערט, האָט יונגלווײַס געהאַט אַנ אויסגעצייכנטע שטימ. ירוכעמ דער כאַזנ בא וועמענ ער האָט זיכ געלערנט זינגענ האָט מוירע געהאַט, אַז מיט דער צײַט וועט ער אימ איבערגיינ. רופט ער אימ צו אונ גיט א זאָג—ניסקע קריכ אַראָפ אינ קעלער אונ נעמ די הויכע טענער מיט אַלע קוילעס. אונ אויב ס׳וועט זײַנ א שטאַרקער ווידערקאָל, איז א סימענ, אַז בא דיר וועט זײַנ א באַריטאָנ—א שאַגאַס ארי *).

ניסקע איז פײַל פונ בויגנ אַראָפגעשפרונגענ אינ קעלער אונ גענומענ זיכ פאַרגיינ אפ די הויכע טענער—העכער—שרײַט אימ ירוכעמ—נאָכ העכער!...—אָט אַזוי, בא דעמ טאָנ בלײַב. מירנ אומיסנע זעענ ווי לאַנג קאָנסטו ציענ.

פונ קעלער איז ניסע אַרויס הייזעריק ווי די וואַנט. אונ נאָכ עטלעכע וואָכנ קראַנק זײַנ, איז ער געבליבנ א זאַיקע אפ זײַנ גאַנצנ לעבנ.

ביניאָמינ האָט אויכ געוווּסט פונ אויסטויכנענ הענט, פונ אָפשלאָגנ כריפקעס. נאָר געפאַלנ איז ער אָבער גאָר אפ אַזאַ אײַנפאַל. ער האָט מערנימ ווי לייבלס טרובע אויסגעהוילט אינ אייניקע ערטער.

— ער וועט אָפבלאָזנ אפ אַזאַ טרובע א האַלב יאָר, וועט ער פונ זיכ אויסבלאָזנ די לונגענ, דאָס האַרצ מיטנ מאַלאַנט. אונ אַלצ צוזאַמענ. אינ דעמ איז ביניאָמינ געווענ מער ווי זיכער, אונ דעריבער ביז גאָר צופרידנ.

לייבל האָט מיט אַלע זײַנע קינדערישע קויכעס געריסנ פונ זיכ דעמ אָטעמ. באַמ שפילנ פלעגט ער ווערנ רויט, אָפגעגאָסנ מיט טײַכנ שווייס. נאָר דערציילנ, האָט ער קיינעמ ניט דערציילט.

איינמאָל באַמ אײַנשפילנ א נײַעמ דאָבראָנאַטש, איז בא לייבלענ די טרובע פונ האַנט אַרויסגעפאַלנ. אימ איז געוואָרנ ניט גוט, אימ האָט שטאַרק פאַרכאַפט פאַרנ אָטעמ.

נאָכנ אָפמינטערנ אימ, האָבנ זיכ אַלע קלעזמער א געמ געטאָנ צו לייבלס טרובע. יערערער האָט זי א פרואוו געטאָנ, אונ אַלע זײַנענ געקומענ צומ אויספיר, אַז אפ איר איז עפעס אויסערגעוויינלעכ שווער צו שפילנ. אונ אָט אַזוי האָט מענ זיכ געכאַפט אונ מע איז דערגאַנגענ, וואָס פאַר א מינעסנ שפיצל ביניאָמינ האָט דאָ אָפגעטאָנ.

שלוימע האָט ווי שטענדיק אינ מינוטנ פונ אופגעלייגטקײַט אָדער פונ קאַס פאַרקאַטשעט הינטנ אַרומ זײַנ לאַנגלעכע באָרד. זײַנע אויגנ האָבנ זיכ אָנגעצונדנ אונ מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער א נעמ געטאָנ די טרובע, וואָס האָט אויסגעזענ אינ זײַנע אויגנ ניט ווי א מוזיקאַלער אינסטרומענט, נאָר ווי א שאַרפער כאַלעפ איבערנ האַלדז פונ זײַנ קינד, אונ זי א שלײַדער געטאָנ מיט א שטאַרקער קראַפט אפנ דיל.

---

*) א לייבנ־געשריי.

— אוים!—אנ עק!—ס'זײַנעג שוינ איבער אלע ברעגנ—האָט שלוימע געגומענ ידײַענ ניט מיט זײַנ קאָל גלײַב ביניאָמינענ אינ פּאָנעם ארײַנ.

— גאזלענ! א מ:עסע שפּיל האָסטו פארשפּילט, שפּילנ זאָלסטו זיכ מיטנ טאלאבאמאָוועס!

יענעם טאָג האָט קיינער פונ די קלעזמער ניט געשפּילט... אינ יענעם טאָג האָט שלוימע פעסט באשטימט אריבערפאָרנ קיינ ליפּאָוועצ, א שטעטל, ווו ס'איז ניט געווענ קיינ קלעזמער-קאָמפּאניע.

פירנ מיט זיכ האָט שלוימע ניט געהאט וואָס. דאָס מעבל איז געווענ איבערגע-שריבנ... דאָס בעטגעוואנט מיט אלע איבעריקע בעבעבעס, פארמאשקנט.

אפּאכ כויוועס איז ער געבליבנ שולדיק. אזויפיל כויוועס, אז די האָר זײַנענ ניט געווענ זײַנע—גאנצע 500 רובל.

אָרעם אונ הויל איז שלוימע געקומענ קיינ ליפּאָוועצ, רײַכ אונ באריממט זיכ צו מאכנ פאר א געבענטשטנ אָרט פונ טאלאנטנ...

וועגנ די ליפּאָוועצער קלעזמער האָט מענ מיט דער צײַט אָנגעהויבנ ריידנ ווי וועגנ די שקלאָווער, ווי וועגנ די בארדיטשעווער. אויכ וועגנ די סמאָליארסקעס, ווי וועגנ די סטעמפּעניוס אונ פּעדאָצורס.

לייבעלענ האָט מענ מיט דער צײַט גענומענ רופנ לייב—דער לייב פונ די שפּי-לער. אפ אלע קיילים קאָנ ער שפּילנ, אונ אפ יעדער קיילע מיט אלע קיילים...

הײַנט די איידעמס, שלוימעס איידעמס, עפּעס א קלייניקײַט? געדאליע קנייפּל, סטעמפּעניוס א פלימעניק... די סטעמפּעניוס האָבנ אים איבערגעגעבנ זייער יערושע, דעם סאָר, ווי אזוי צו צויבערנ אונ פאנגענ מיטנ פידל יידישע הערצער.

אונ וועלוול בעלפאָר, וואָס האָט ער ניט געקאָנט אופטאָנ מיט זײַנ קלארנעט, אנ עטעסער קישעפמאכער.

אינ 1871 יאָר איז געבאָרנ געוואָרנ בא שלוימענ א צווייטער זונ, וואָס האָט געטראָגנ דעם נאָמענ פונ זײַנ פאָטער פּייסי—פּייסי שלוימע פּייסעס האָט ער געהייסנ.

אפ אים האָט געוואַרט דער גליקלעכער גוירל זיכ ארויסרײַסנ פונ ליפּאָוועצ אונ באווײַזנ פאר נאָר דער וועלט די קראפט פונ דוירעס קלעזמער, וואָס זײַנענ צעטראָגנ אונ פארהוזנעט געוואָרנ אינ דער מאזעפּעווקער, גלופּסקער אונ מונעיאדעווקער בלאָטעס.

אפ אים האָט געוואַרט דער גליקלעכער גוירל צו ווערנ דער דערצ:ער פונ די גרעסטע פידלער אינ דער וועלט, צו ווערנ דער באריממטער פּיאָטער סאָלאָמאָנאָוויטש סטאָליארסקי.

## אפנ שפּאציר

באם אָפענעם פענצטער פונ דעם קליינ-אײַנגעהויקערטנ שטיבעלע זיצט כאנצי אונ לייענט דעם צענע-אורענע. נעבנ איר זיצט איר מעזיניקל דער זעקס-יאָריקער פּייסי. דער איינציקער, וואָס הערט נאָר אוים מײַסעס אונ מוסער.

אלע ווײַלע הויבט זי אפ אים אופ אירע שייגינקע פארטערטע אויגנ אונ לאָזט ארויס א טיפנ זיפצ...

— לייבל דער בראָכ אירער, די איידעמס, די טעכטער, קיינער פונ זיי נייט ניט אינ אירעוועגנ. אונ שלוימע?—פונ שלוימענ איז גאָר נימאָ וואָס צו ריידנ...—א ייִד זאָל ניט גיינ אינ שול אריינ... אזוי איז געווענ אינ לעבנ, אויכ אזוי איז איצט אינ ליפאָוועצ.

—„דער פּאָסעק לערנט אונדז האָט די אויגנ אונ דאָס הארצ ברענגענ דעם מענטשנ צו אלע איירוים. דענ די אויגנ זעענ אונ דאָס הארצ גלוסט"...

—אוי, שלוימעס קלעזמערשע אויגנ. זיי קוקנ דאָכ ניט אהינ וווּ מ'באדארפ. אונ דאָס הארצ זײַנס, ווער ווייסט, וואָס ס'טוט זיכ בא אימ אינ הארצנ?...

— די באסענעס... די סימכעס... די פארפּוצטע ווײַבער... אונ זי, דאָס פידעלע, זי איז אינ אלצ שולדיק... זי ציט אלעמענ צו אימ, אונ אימ צו אלעמענ...

שלוימע פארפּוצט אינ זײַנע שאבעסדיקע בגאָדימ שפּאנט הינ אונ הער אפּנ גאס נעבנ זײַנ שטיבל. ער ווארט אפ זײַנ באנצענ, וועלנ זיי ארויס שפּאצירנ.

שפּאנענדיק אזוי, דערמאָנט ער זיכ אינ אנ אלטנ „זײַ געזונט", וואָס ער האָט נאָכ געהערט באָכערווײַס. ער ברומט אימ שטילערהייט אונטער. די האנט באוועגט זיכ בא אימ אײַליק ארופ אונ אראָפּ. די פיס קלאפּט צומ טאקט אונ די אויגנ מאכנ זיכ בא אימ צו...

אונ באנצענ דוכט זיכ, אז די אויגנ זײַנענ אימ שטארק אָפּנ...

זי איז פונקט דערנאָענט צו א שארפּנ מוסער-אָרט. זי וועט אימ אויסזידלענ... זי הויבט אופ העכער איר שטימ, עפּשער וועט דאָס דערגיינ צו איר שלוימענ פונ יענער זײַט פענצטער.

—„די געמאָרע ברענגט אײנ מײַסע... ער איז געקומענ צו איר, האָט זי אויפגע-בעט זיבנ בעטנ, זעקס בעטנ זילבערנע אונ איינע א גאָלדענע. אונ צווישנ איטלעכער בעט איז געווענ אײנ זילבערנע לייטער. אונ בא דעמ גאָלדענעמ בעט איז געווענ א גאָלדענער לייטער. אונ זי האָט זיכ אויסגעטאָנ נאקעט אונ האָט זיכ געזעצט גאנצ אויבנ אויפ דעמ גאָלדענעמ בעט. אונ ער האָט זיכ אויכ אויסגעטאָנ נאקעט אונ האָט זיכ געזעצט אנטקעגנ איר. זײַנענ געקומענ זײַנע פיר ציצעס אונ האָבנ אימ גע-שלאָגנ אפ זײַנ פּאָנעמ. איז ער אראָפּגעגאנגענ אונ האָט זיכ געזעצט אפ דער ערד"...

פּייסע פארשטייט ניט דער מאמעס צענע-אורענע-מײַסעס אונ אזוי ניט די טיפ פארבאָרגענע, די קיינמאָל הויכ ניט ארויסגעזאָגט מײַנע צו זײַנ טאטנ. נאָר אימ איז עפּעס אויסערגעווײנלעכ גוט... ער וואָלט אזוי שאָענלאנג געזעסנ. ער האָט שטארק ליב קוקנ אינ דער מאמעס אויגנ, אינ איר פּאָנעמ, וואָס פאלדעוועט זיכ אינ קנייטשעלעכ. ער האָט ליב קוקנ אפ איר שווארצער קלייד, אפ דער אש קאָלירנדיקער זײַדענער פאטשיילע מיט די בלימעלעכ, וואָס פארדעקט אירע האָר.

ער האָט ליב הערנ דעמ מורמל פונ אירע ליפּנ, איר אומעטיקנ ניגנ. פונ אלצ, פונ איר יעדנ קוק, פונ איר יעדער באוועגונג, נייט צו אימ א טיפע ווארעמקייט. ער פילט עס מיט זײַנ גאנצנ קינדערשנ הארצנ. אונ איבערגעפולט פונ ליבע צו איר, רײַסט זיכ בא אימ ארויס פונ מאָל צו מאָל אָנ זײַנ וויסנ דאָס איינ אונ איינציקע וואָרט—מאמע!...

א הילכיקער גוטשאבעס אונ א פריידיקער גלעכטער רײַסט איבער שלוימענ אינ

רעט מיט „זײַ געזונט“, צעשיידט סאנצעג מיט דעמ פארפירטנ מאנע, אונ הויבט אונ פייסעג פונ זײַנ אָרט.

— אוי, לייבל!—בראָשקע, טראליע, וועלוול, פריידל, מאיעלע.

— שויעלקע, שויעלקע!...—פאטשט פייסע מיט די הענט, ישפרינגט, טאנצט, אונ גאָבאמאָל, אונ ווידעראמאָל, נעמט ער אויסזינגענ די נעמענ פונ די געסט.

די שוועסטער קושנ אים, באצירנ אים מיט א באנטיק, מיט א בלעכענעם בליש־שענדיקנ זײַגערל, אונ די קעשענעס פונ זײַנ פליושענעמ קאָסטיומטשיק פילנ זיי אָנ מיט סטרודל, ווײַסע קיכלעכ, ניסלעכ אונ קאָנפעטנ.

לייבל שטעלט אימ אינ גאָז אונ די שוואָגערס קנײַפנ אונ ציענ אימ פאר די אויערנ. אונ שויעל דער לאנגער, דער קאָנטרבאס פונ דער קאפעליע, ווערנ אלע רופנ בעבריק, כאפט פונ גרויס שימכע פייסענ אונ זעצט אימ אוועק צו זיכ אפנ קאָפ, פונ קאָפ אפ די פלייצעס.—א פאראנטשיק! א באראנטשיק!—א זעקעלע מעל!—ווער קויפט א באראנטשיק מיט א זעקעלע מעל!

פייסע לאכט אונ שרײַט מיט אלע קוילעס—מאמע, דו זעסט?! מאמע גיב א קוק!

אונ אָט לויפט פייסע, לויפט אונ פארלויפט הינטער דער מאמענ, כאפט זיכ אָנ אינעמ מאטנס קאפאָטע, אונ אָט איז ער אינדערמיט צווישנ גערדאליענ אונ וועלוולענ, אונ שויעל קאָנ אימ בעשום אויפנ ניט כאפנ, ער פארסאָפעט זיכ, אונ לאָזט אימ צורו.

מ׳גייט שפאצירנ איבער דער לאנגער גאס.

פייעס אויערנ זײַנענ אָנגעצילט אפ אויפצוכאפנ יעדנ קלאנג, יעדנ שאָרכ אונ זײַנע אויגנ קוקנ אונ זעענ אלצ, זיי לאָזנ גאָרניט דורכ.

ער זעט ברייטע לאנגע שאָטנס, וואָס צעציִען אונ צעלייגנ זיכ איבער בערגלעכ, הויפנ אונ שליאכנ, פויזענ אונ קלעטערנ זיכ איבער פלויטנ, דעכער אונ קוימענס.

יעדער זאכ האָט א שאָטנ... אונ יעדער שאָטנ האָט זײַנ אויסזעענ. אפילע דער מענטש האָט א שאָטנ אונ ווענ דער שאָטנ פארשווינדט, ראנ שטארבט דער מענטש,—אזוי האָט אימ געזאָגט די מאמע, אונ אזוי איז עס.

א גאנצער בינטל שאָטנס, אונ צווישנ די אלע זעט ער זײַנעמ—ס׳ארא גרויסער ער איז...—ס׳ארא לאנגער... פארוואָס איז עס, ער איז אזא קלייגער אונ דער שאָטנ אזא גרויסער, אזא הויכווקסיקער?

רעכטס פונ דער לאנגער גאס שפאצירנ מיידלעכ, אונ לינקס—יונגלעכ. עס דוכט זיכ, אז זיי קאָנענ זיכ גאָרניט צווישנ זיכ. נאָר וואָס קורצער עס ווערט די לאנגע גאס, אלצ אָפטער הויבנ זיכ זייערע בליקנ איבערוואַרפנ צווישנ זיכ. מ׳ווערט דורכגייג רעט ברונעמ, די בריק, אונ העט, העט ווײַט אונטערנ שטאָט אפנ וועג קיינ קאמינקע אָדער לוקאשאָווע, וועלנ זיכ די צעשיידטע באגעגענענ. מ׳וועט זיכ רוימלענ, מ׳וועט שמאטלענ. אונ אלע צוזאמענ וועט מענ ריידנ גיט דאָס, וואָס מ׳וויל. ביז... ביז אימ אָדער איר, ווענמענס הערצער ס׳קלאפנ שטארק ווענ מ׳באגעגנט זיכ, אָט די, וועמענס הערצער ס׳בענקענ אונ ציִענ איינער צומ צווייטנ, וועלנ אויסריידנ בלויז עטלעכע ווערטער אונ דאָכ גיט די סאמע וויכטיקסטע פונ די מאב רייד, וואָס מע האָט זיי געזאמלט, געהיט אונ בעוואַרעמט מיט אינווייניק בא זיכ.

פונ ערגעצ א פענצטער טראָגט זיכ אנ אומעטיקער טילימ־גיגנ—דאָס באווייגט

עמיצער זײַנ עלנט, זײַנ עלטער. אונ אָט הערט זיכ א מײדלשע שטימ: „אוי ווי צ... מײַנע יונגע יאָרנ, וואָס האָב איכ גאָר געהאַרפּט ווערנ געבאָרנ".

דער אומעטיקער טילים־ניגנ טראָגט אָפּ אָנ א זײַט, ווערט אנטשוויגנ—וועג יונגט קלאָגט זיכ אזוי ביטער, איז וועמענ קענ אײַנגײַנ דער ווײ פונ עלנטער עלטער?

אונ אָט פונ די סקאַקונקעס נימט זיכ א טראָג הויכ אונ ברײט אנ אוקראַיִנישע ליד.

פּײסי אָטעמט אײַנ אינ זיכ דעמ רײעכ פונ פעלד, סטעפּ, וואַלד אונ טײַכ. ער איז פאַרטרונקענ אינ הויכע זאנגענ. ער איז הויכ, הויכ ערגעצ אפּ א קאָפּיצע מיט גארבנ.

— היי,—היי,—היי!—פאַרגײענ זיכ קוילעס אינדערהייכ.

— אוי,—אוי,—אוי!—לאָזנ זיכ אראָפּ קוילעס טיפ נידעריק.

אונ פּײסי זעט דורכ דעמ געזאנג די זינגער אונ זינגערינס. באָרוועס זײַנענ די יונגלעכ, באָרוועס זײַנענ די מײדלעכ... בא אלעמענ זײַנענ אויסגענײטע ווײַסע העמדער,—די יונגלעכ מיט קוטעסנ, מיט לאַנגע טשובנ, אונ די מײדלעכ מיט בלומענקרענצ אפּ די קעפּ. אונ ווי פּל בלימעלעכ, אזויפיל לענטעס:—רויטע, געלע, בלויע, ווײַסע, גרינע בלומענ,—רויטע, געלע, בלויע, ווײַסע, גרינע לענטעס.

נאָר וואָס זינגענ זײ אזוי אומעטיק? פּײסענ דוכט זיכ אז זײ ווײנענ, אז מע קאָנ ווײנענ אפּ א פידל, אפּ א קלאַרנעט, דאָס ווײס ער, דאָס האָט ער שוינ אסאַכ מאָל געהערט. אונ איצט ווערט אימ קלאָר, אז דורכ געזאנג קאָנ מענ אויכ ווײנענ.

נאָר אויסזינגענ דעמ געוויינ צוזאמענ, איז דאָכ גרינגער, לײַכטער, ווי ווענ מע זינגט אלײנ. דאָס געזאנג, וואָס האָט זיכ ערשט געטראָגנ דורכ פענצטער, איז אסאַכ אומעטיקער, אסאַכ אײנזאמער, טרויעריקער.

— נימ אזוי?—וויל ער בא אלעמענ מיטאמאָל פרעגנ וועגנ דעמ, וואָס ער האָט ערשט געטראַכט.

— אלײנ איז אומעטיק, ס'איז אומעטיק ווענ מע בלײַבט אלײנ אינ שטוב, ס'איז אומעטיק, ווענ מע שפּילט זיכ אלײנ, ס'ווערט גיכ נימעס.

אכ, ווי גוט וואָס ער גײט דאָ איצט מיט אלעמענ צוזאמענ. אלע ווערנ אימ נעענטער, הארציקער אונ טײַערער. ער קאָנ זיכ קײנ אָרט נימ געפינענ, ער ווײס נימ אפּ וועמענ פרײער קוקנ, אונ וועמענ פרײער הערנ.

— גדאליע, סאַרא שײנער ער איז, סאַרא שוואַרצע לאַנגע האָר ער טראָגט. מע זאָגט, אז ער איז אינגאַנצנ ענלעכ אָנ זײַנ פעטער סטעמפּעניו. סײַ מיטנ אויסזעג אונ סײַ מיטנ שפּילנ.

— אז ער, פּײסי וועט זײַנ א גרויסער, וועט ער זײַנ פּונקט ווי גדאליע, ווי סטעמפּעניו, ער וועט טראָגנ לאַנגע האָר.

גדאליע איז א פידלער אונ א מאָלער, אלצ קאָנ ער אויסמאָלנ.—אינ מאָלערײַ—זאָגט גדאליע—זײַנענ אויכ פאַראנ קלאַנגענ, מע דאַרפּ זײ נאָר קאָנענ דערהערנ.

פּײסי שטעלט זיכ עס נימ פאָר, אונ דעריבער געפעלט אימ מער זײַנ פידל שפּילנ.

וועלוול רעדט, דערצײלט, לאַכט אונ לאַכט... אונ אימ, פּײסענ, דוכט זיכ, אז דאָס פאַרגײט זיכ דער קלאַרנעט אינ געלעכטער. שויעלס אָנגעברויגעזטער באַס האָט אימ צעקיצלט אונ ער קאָנ זיכ נאָרנימ אָפּשטעלנ.

אונ אָט קאָנ ער זײַנע אויגנ נימ אראָפּנעמענ פונ זײַנ ברודער לײבל, גלײַכ ווי ער

ועט אים צום ערשטנ מאָל. ער הערט שפּילנ א גאנצע קאפּעלע צוזאמענ—ס'איז דאָכ ניטאָ קיינ אייג אינסטרומענט אפּ דער וועלט, אפּ וועלכנ לייבל זאָל ניט קאָנענ שפּילנ.

אלצ אונ אלע, דער גאנצער ארומ שפּילט, גלײַכ ווי די גאנצע וועלט האָט איינ קלאנגענ=געשאַמע...

יאָ, ס'דוכט זיכ אים ניט, מ'שפּילט מאקע. זיי בלײַבנ אלע שטיינ נעבנ קאָסטיאָל.

אומעטיקע געבעט=קוילעס... אונ אנ ענטפער קומט א בייזער, א שרעקעוודיקער,— דער מענטש איז גאָרניט, דער מענטש איז אש אונ שטויב...

ער איז איינער, איינער אינ הימל... בעט בא אים ראכמימ, פאלט אפּ די קני, טוט טפילע, קאָלזמאָנ ס'איז נאָכ צײַט, קאָלזמאָנ ס'איז ניט שפּעט...

— אוי, ווי שרעקלעכ, אוי, ווי שווער איז זײַנ דינ,—פארגייט זיכ דער אָרגל מיט אלע זײַנע הארצרײַסנדיקע מענטשלעכע קוילעס...

אלע בלײַבנ שטיינ פארגאפּט, אונ פּייסע ווערט מאָדנע ווונדערלעכ, מאָדנע שרעקלעכ...

— ווי איז מיר, וואָס שטייענ מיר דאָ, מע טאָר דאָכ דאָס ניט הערנ—גיט כאנצי א פּאטש מיט די הענט אונ וועקט אלעמענ אופּ.—זינט ס'איז כאָרעוו געוואָרנ דער בייסהאמיקדעש, טאָרנ קיינ יידנ ניט הערנ די שפּיל פונ דעם אָרגל, ס'וועקט אופּ די אלטע ווונדנ... לאָמיר גיבער גיינ פונדאנענ.

— ס'איז נאָכ א גליק, וואָס בא די טויערנ פונ באָזול זײַנענ געווענ קלעזמער אונ האָבנ באוויזנ באצײַטנס אראָפּכאפּנ די פידלענ פונ די ווערבעס, אז ניט וואָלטנ יידנ אפּ קיינ פידל אויכ ניט געטאָרט שפּילנ.—וואָס וואָלט איכ דאנ געטאָנ, כאנצי, וואָס פארא פּאָנעמ וואָלט איכ געהאט אָנ אָט דער קאפּעלע.—צעלאכט זיכ שויעל דער לאנגער הויכ אפּנ קאָל, אונ אלע טוענ צוליפּ כאנצענ אונ מע גייט אוועק פונ קאָסטיאָל.

באמ ברונעמ שטייט א גרויסער אוילעמ. שאבעס קומט מענ אהער זיכ קוויקנ מיט דעמ פרישנ קוועלנדיקנ וואסער.

— רעב איציקל קארלינער—דערציילט כאנצי—האָט געבענטשט דעמ ברונעמ,— ווער ס'וועט טרינקענ פונ זײַנ וואסער, בא דעמ וועט ניט אופהערנ קוועלנ פּארנאָסע, געזונט אונ אלדאָס גוטס.

אונ אָט איז הייסינער טײַכ. דער הייסינער טײַכ גייט דורכ ליגעצ, האשעוו אונ פאלט ארײַנ אינ בוג.

— דער בוג,—דאָס איז די גרעסטע טײַכ אינ דער וועלט, קיינ גרעסערע שטעלט זיכ פּייסי ניט פאָר. ער הערט דעמ רויש אונ געקלאפּ פונ זײַנע וואסערנ, סאָרא ווונדערלעכער וואסער=אָרקעסטער.

יעדער ווינקעלע האָט זיכ דאָ זײַנ מײַסע, אונ אלע מײַסעס וויס פּייסי. אונ יעדער מײַסע ווערט בא אים אינ זײַנ קינדערישנ מויעכ, אינ זײַנ קינדערישער פאָרשטעלונג, פארגרעסערט אונ פארשענערט...

מע גייט איבערנ בריק. פּייסי הערט זיכ צו צום קלאפּ פונ די טריט.

— אָט דאָ פונ בריק=פארענטש האָט זיכ א מיידל ארײַנגעוואָרפנ אינ טײַכ, אונ נאָכ איר איז געשפּרונגענ א באָכער אונ האָט זיכ אויכ דערטרונקענ.

— אפדערנאכט קלעטערנ זיכ אפ דעמ פארענטיש שיידימ... קיינער טאָר דאָ ניט דורכגיינ. אז זיי כאפנ עמעצנ, צערײַסנ זיי אימ אפ שטיקלעכ אונ האָדעװענ מיט זײַנ לײַב די פיש.

— אָט דאָ פונ דעמ פארענטיש—האָט אימ זייער שאָכנ ארעלע מיאטעזשניק דער־ציילט א מײַסע,—האָבנ די ליפּאָװעצער כסידימ העכער צװאנציק יאָר צוריק געװאָרפנ ליגעצקער אינ טײַכ ארײַנ.

— װעמענ, האָװיד ליגעצקי?... דעמ, װאָס מע רופט האָװיר שיינעצ, דעמ גרעסטנ גװיר פונ ליפּאָװעצ?—האָט זיכ פײַסי שטארק פארװונדערט.

— ניינ, ניינ!...—האָט אימ ארעלע געזאָגט.—קיינ גװירימ װארפט מענ ניט אינ טײַכ.

דאָס איז געװענ איינער א יִצכאָק יױעל ליגעצקי, איצט איז ער א שרײַבער, ער שרײַבט ביכער. דאנ איז ער אלט געװעז אינגאנצנ פופצנ יאָר.

איינער א ליפּאָװעצער גװיר האָט אימ אָפּגעקויפט. ער האָט זײַנ טאטנ, יאָסעלע דעמ װיניצער ראָװ, אָפּגעצאָלט 500 רובל, אונ אימ כאסענע געמאכט פאר זײַנ טויבער האלב־מעשוגענער טאָכטער.

דער גװיר האָט געװאָלט, אז זײַנ איידעמ יִצכאָק יױעל ליגעצקי זאָל זיצנ אינ קליינעמ בעסמעדרעשל אונ לערנענ. לערנענ באטאָג, אונ לערנענ בײַנאכט. איז ער אָבער געװענ ניט קיינ „פּאָסלושנער". ער האָט געלאכט פונ די נעגידימ, פונ די כסידימ אונ אומעטום האָט ער געשריגנ, אז װי א רעבע דאָס איז א גאנעװ...

אלע פארנאכט פלעגט ער זיכ ארויסגאנװענענ פונדערהיימ אונ אװעקגיינ צו רעב אבעלע שאליטע, דעמ אקציזניק. דאָרט האָט מענ געלייענט ביכלעכ, גערעדט רוסיש, רײַטיש, אונ געשפּילט אפ פידל. דאָרט האָט ער זיכ געפילט זייער גוט.

אונ אָט, איינמאָל אינ א פינצטערנ שאבעס אפדערנאכט, איז איצכאָק יױעלקע געגאנגענ פונ אבעלע שאליטע אהיימ. האָבנ די כסידימ אימ אָפּגעטשאטשעװעט... מע האָט אימ געכאפּט פאר די הענט אונ פאר די פיס אונ גענומענ אימ װארפנ איבערנ פארענטיש אינ טײַכ ארײַנ, זיי האָבנ אימ געװאָלט דערטרינקענ.

יִצכאָק יױעלקע האָט זיכ געבריקעװעט מיט די פיס, געביסנ די הענט אונ גע־שריגנ:—גװאלד!—ראטעװעט!—גאזלאָנימ!... אונ פּונקט אינ דער מינוט איז אָנגע־פאָרנ א פור. די כסידימ האָבנ זיכ דערשראָקנ אונ אימ אָפּגעלאָזט.

נאָכ יענער מײַסע איז יִצכאָק יױעלקע אנטלאָפנ פונ ליפּאָװעצ. אנטלאָפנ אינ דער װעלט ארײַנ, װו די אויגנ האָבנ אימ נאָר געטראָגנ.

פײַסעג דוכט זיכ, אז אָט זעט ער דעמ דערטרונקענעמ באָכער מיט דער דער־טרונקענער פּידל. ער דערהערט דעמ פּליעל־געפּאָכ פונ די שיידימ אונ יִצכאָק־יױעלקעס געשריי—גװאלד! ראטעװעט!...

פונ די אלע מײַסעס, װאָס זײַנענ אימ ארופּ אפנ זינענ, באפאלט אימ א מוירעדיקע שרעק... ער האָט מוירע קוקנ אראָפּ אינ טײַכ ארײַנ. ער כאפּט זיכ פאר דער מאמעס האנט אונ טוליעט זיכ צו איר שטארק...

מרישע טײַטש

# אוואַנסנ[1]

ווּ און וויאַזוי פערעצ פלעגט קריגנ געלט פאַר זײַנע אויסגאַבנ, וואָס ער פלעגט פונ צײַט־צו־צײַט פאַרנעמענ — האָבנ מיר די יונגע שרײַבער ווייניק געווּסט. דערופ האָט ער געהאַט אינ די רײַכע וואַרשעווער גאַסנ זײַנע געלטיקע אײַנגעזעסענע מיט־פילער, וואָס מיר, די אָנגעלאָפענע פונ אַלע עקנ פונ מכום און אָפּגעריסענע פונ „אָנשטענדיקע“ וואַרשעווער לעבנ האָבנ צו זיי קיינ צוטריט ניט געהאַט. פונ יעדע אַזאַ אונטערנעמונג פלעגנ מיר זיך דערוויסנ לעאַכער האַמײַסע און פּאַרטיקעדהייט ווענ עס פלעגט שוינ האַלטנ באַ די אוואַנסנ.

אַמאָל האָט אַ אוואַנס געהייסנ קוידעמקאָל געלט, גלאַט אַזוי געלט, וואָס איר נעמט, ווּ עס מאַכט זיך און וויפל עס מאַכט זיך. אַ אוואַנס האָט איר באַקומען אויסער אַלע כעזשבוינעס און נאָר אים האָט איר גערעכנט פאַר אײַער קאָשערע ליטעראַרישע פאַרנאָסע. וואָרעמ פונ האָנאָראַר האָט מענ דענ געקענט עקזיסטירנ? פאַר אַ שורע האָט מענ געצאָלט 3—5 קאָפּיקעס. ווּ צו דרוקנ זיך איז קיינ געווענ פאַר געציילטע אויסגאַבנ, קיינ גרעסערע זאַכנ פלעגט מענ קימאַט אינגאַנצנ ניט אָננעמענ,— איז באַ אַזעלכע אומשטענדנ איז אוואַרדע געווענ דער אוואַנס דער איקער, און דער האָנאָראַר איז געווענ נאָר גלאַט אַזוי אַ צוגאָב, וואָס קענ אויכ ניט שאַדנ...

איכ געדענק שוינ ניט וויאַזוי נאָר צווישנ די ליטעראַטנ האָט זיכ פלוצלינג צעטראָגנ די גוטע יעדיִע, אַז פערעצ גיט אוואַנסנ. ווער, וואָס, ווענ — דאָס ווייסט קיינער ניט. מע ווייסט אַפילע ניט פונוואַנענ עס קומט די יעדיִע, אַז פערעצ גיט אוואַנסנ — אַ פּויגעלע איז דורכגעפלוינ דורכ צעגליאַנע גאַס און האָט עס צעטראָגנ דעמ גרויס — אַ רײַנע וויאַזוי: דער אוילעמ איז אויסגעהונגערט ביז גאָר און מענ האָט זיכ אָנ שיהעס און וואָס שטילער, יעדערער באַזונדער, גענומענ לאָזנ צו פערעצנ אינ דער גמינע אַרײַנ. פאַרוואָס ניט אַהיימ? דערופ איז דאָ אַ גאַנצע וויכטיקע סיבע — פערעצעס ווײַב, וואָס האָט לויט אונדזער סייכל, ניט איבעריקס געדאַרפט ליב האָבנ די אָפּגעריסענע כעווּרע, וואָס פלעגנ אָנשמוצנ אינ שטוב און ניי נאָפרעט און ראַט גאָב זיי. דערצו זײַנענ זיי נאָכ אַלצ אַזעלכע בימערע יונגען, וואָס שאַרנ אַרומ באַ פערעצנ, ווּ נאָר עס פאַרוואַלגערט זיכ אַ גראָשנ, ווי עמעסע הייסעריקנ... איז קומענ

[1] פונ דער ליטעראַרישער ירושע.

צו פערעצנ אהיימ גלאט אזוי אפ א שמועס איז מעכעטײסע, אָבער קוימ רעדט זיכ ווענג אכצנ אונ דרײַצנ איז אוואדע גלײַכער פאקנ פערעצנ אוינ אפ אויג, אז ניט נאָר זײַנ ווײַב, נאָר קײנ איבעריקע ליטעראטנ זאָלנ אויכ ניט זײַנ דערבײַ. וואָס קלענער דער אוילעמ אלצ גרעסער די סימכע. דאָס הײסט ניט כאַסוועכאָלילע, אז די יונגע כעוורע זאָלנ האָבנ געטראכט גאָר יעדערער וועגנ זיכ אונ די איבעריקע נײענ אימ ניט אָנ—נײַנ! די כאַווערישקײַט איז געווענ צווישנ אונדז גאַנצ שטאַרק, אונ מע האָט דאפקע געזענ צושארנ אײנער דעמ אנדערנ אונ דאָכ האָט יעדערער געטראכט: לאָמיר אָקאָרשט אפרוער באקומענ מײַנ אײגענעמ כײלעק, אונ דערנאָכ וועל איכ גײנ אָנזאָגנ אלע איבעריקע... אונ קײנער האָט ניט געקענט אָפלײגנ אינ דער לאנגער באנק אזא וויכטיקע זאכ ווי גײנ צו פערעצנ נאָכ אנ אוואנס...

זײַנענ טאקע אינ יענע טעג פאָרגעקומענ ניט ווײניק אומגעריכטע באגעגענישנ בא דער טיר פונ דער גמינע.

— זע נאָר, דו ווײסט שוינ אויכ?—פלעגט מענ כאפנ אײנער דעמ אנדערנ, אזוי ווי עפעס גאנווענענדיק אונ פארשעמט:—אבי איכ קלײַב זיכ דאָס ארײַנגײנ צו דיר אָנזאָגנ...

— א פײַנער מענטש, נימאָ וואָס צו רײדנ—פלעגט יענער זײַנ צופרידנ אויסצו-מוסערנ דעמ כאווער אָנשטאָט אלײנ צו באקומענ די פּאָרציע, וואָס ער האָט געפילט, אז ער האָט קאָשער פארדינט.—האָסט מיר ניט געקענט רופנ גײנ אינײנעמ?

— איכ האָב זיכ נאָר געוואָלט דערוויסנ... וואָרעמ טאָמער איז עס ניט געשטימנ אונ ניט געפלויגנ... אונ דו פארוואָס ביסט ניט פארגאנגענ צו מיר?

— איכ...—פלעגט שוינ יענער ארויספאלנ פונ טאָג—איכ האָב זיכ אויכ געוואָלט צו ערשט דערוויסנ.

אָבער אָט האָט מענ זיכ שוינ דערוווּסט—ער גיט!

— וויפל האָסטו באקומענ?

— פינפ.

— אונ דו?

— גאָרניט, אָפגעלײגט אפ מאָרגנ.

— אונ דו?

— צענ.

— אונ דו?

— דרײַ.

וואָס פאר אנ אָנשיקעניש! פארוואָס ניט אלע גלײַכ, אונ פונ וואנעט דער אונ-טערשייד? מײנענ, אז פערעצ שאצט אָפ די גרויס פונ אוואנס לויט די פײַקײַט, וואָס יעדערער פארמאָגט, אָדער לויט יעדערנס פּאָפּוליאריטעט, האָבנ מיר גלײַכ געזענ, אז עס האלט ניט אויס דעמ כעזשבנ. נעמט ער עפשער אינ אכט יעדערנס נויט? אויב ניט! ווי זשע איז דאָ פארט דער הונט באגראָבנ?

מיר, א פאָר כעוורע-לײַט, וואָס האָבנ זיכ אמשטארקסטנ גענויטיקט, האָבנ זיכ מיט גאנצנ ערנסט א נעמ געטאָנ שטודירנ די פראגע אונ ווי גרויס איז געווענ אונדזער גיצאָכנ, ווענ צײַט א פאָר טעג האָבנ מיר זיכ דערגרונטעוועט צומ איקער—נאָכשפּירנדיק וויפל יעדער אײנער באקומט אונ וויסנדיק אינ וועלכער צײַט פונ

טאָג יעדער איינער איז געווענ אפ דער „אאודיענצ״ איז עמיצנ פונ אונדז איינגע-פאַלנ דער געדאנק, צו האָט ניט א שײַכעס די גרויס פונ דער באַקומענער סומע צו דעמ, דער וויפלטער נאכט ער איז בא פערעצנ געווענ אינעמ געגעבענעמ טאָג? מיר האָבנ אָנגעהויבנ פאַרגלײַכנ דעמ מיט יענעמ און יענעמ מיט דעמ און עס האָט זיכ באַקומענ גאָר גענוי. דער ערשטער באַקומט די גרעסטע סומע—צענ רובל. און וואָס אמאָל ניט אַלצ ווייניקער, און די לעצטע פלעגט ער אָפּלייגנ אפ מאָרגנ. ער האָט, ווײַזט אויס, ניט געוואָלט פאַרטאָג די גאַנצע פאַר אמאָל פלעגט ער יעדנ טאָג מיטנעמענ אד=קאנ און טער ניט... און דאָס איבעריקע איז מאָרגנ אויכ א טאָג...

טראכט שוינ יעדערער בא זיכ. „אָט אזוי איז גאָר די מײַסע״. און מענ צעגייט זיכ ווער ווו—יעדערער מיט זײַנע אייגענע געדאנקענ.

אָבער איכ טראכט בא זיכ אזוי גייענדיק: איינגאנצנ האָב איכ באַקומענ דרײַ רובל. וואָס פאַר א ווערט האָט דרײַ רובל אנטקעגנ צענ? בײַסער איכ בינ געווענ אנ איידעלער מענטש און האָב ניט געוואָלט אָנפליענ אפ פערעצנ סאמע אינדערפרי. איז ניט א יוישער איכ זאָל באַקומענ נאָכ עטלעכע רובל? שטיי איכ אופ אפ מאָרגנ מיט א שאָ פריִער און איכ מערקיר אויס אזוי, אז צו האַלב צענ זאָל איכ שוינ זײַנ אינ דער גמינע. אָבער ווי פאַרוווּנדערט בינ איכ געווענ, אז עפענענדיק די גרויסע שווערע טיר פונ דער גמינע, באַגעגנ איכ איינעמ, פונקט אזא שרײַבער, ווי איכ. ער גייט שוינ צוריק!

— וואָס, באַקומענ?

— יאָ, צענ רובל.

— אָבער דו האָסט דאָכ שוינ איינמאָל באַקומענ.

— טאָ איז וואָס? פינפ רובל אינגאנצנ. איכ האָב שוינ קיינ גראָשנ ניט.

טראכט איכ מיר: אויב אזוי וועל איכ שוינ בעסער איבערלאָזנ הײַנטיקנ טאָג און מאָרגנ קומ איכ צו דער גמינע פאַר נײַנ. איכ וועל אימ כאפּנ נאָכ איידער ער וועט ארײַנגייִנ. נאָר אפ מאָרגנ בינ איכ שוינ ווײַטער ניט געווענ דער ערשטער. עס האָט ניט געהאָלפנ, וואָס איכ בינ געקומענ פאַר נײַנ.

די סומע, וואָס פערעצ האָט דאָס מאָל באַקומענ איז, ווײַזט אויס, געווענ א גאַנצ באַדײַטנדיקע און די בעהאָלטע מיט די אוואנסנ האָט זיכ געצויגנ א פּאָר וואָכנ.

**מוישע טייטש**

# „יאָסעלע“ מיט „הערשעלע“

אז איכ בינ געקומענ קיינ ווארשע, אזוי יונג ווי איכ בינ געווענ, און בינ ארומגעפאלנ צווישנ די יידישע ליטעראטנ, איז יאנקעוו דינעזאָנ געווענ איינער פונ די, וואָס האָט מיכ אינטריגירט אַלס מענטש מערער פונ אַלע איבעריקע. דערצו איז געווענ אסאכ סיבעס. ערשטנס, האָט מיר אונטערגעגעבנ היצ מיינ צוקונפטיקע פרוי, וואָס איז שוינ דעמאָלסט געווענ איינגעט מיט מיר אינ ווארשע:

— דינעזאָנ? וואָס רעדסטו, דינעזאָנ? א קלייניקייט, דינעזאָנ! שפּילסט זיכ מיט דינעזאָנענ!

א רוסיפיצירטער יונגערמאנ ווי איכ בינ דאמאָלסט געווענ, האָב איכ צו יענער צייט נאָר ווייניק געהאט געלייענט פונ יידישע שרייבער, ביפראט דינעזאָנס, וואָס האָט זיכ שוינ דאַנ גערעכנט פאר שטארק פארעלטערט. האָב איכ געוואָלט הערנ פונ מיינ באגלייטערינ עפּעס גענויערס:

— נו—נו, מאכ מיר קלאָר.

האָט זי געזאָגט, נאָכ אַלצ ווירקנדיק מערער מיט באגייסטערונג, איידער מיט איבערצייגונג:

— דאָס איז דאָכ דער זעלבער דינעזאָנ, וואָס האָט אָנגעשריבנ „יאָסעלע“... מיינ טעטערל... דו ווייסט ניט? אונ זאָגדעריער האָט געגאנגוועט ס׳מעטערל, אונ יאָסעלענ האָט מענ געשלאָגנ... מיינ מאמע האָט איבער אים אזוי פיל טרערנ פארגאָסנ...

—דיינ מאמע—איז דאָס פאר מיר געווענ צו ווייניק איבערצייגנדיק:—אָבער דו אליינ וואָס קענסטו זאָגנ וועגנ זיכ?

—איכ אויכ—האָט זי מוידע געווענ מיינ טייל אביסל פארשעמט.

אייטער דעמ איז וועגנ דינעזאָנענ ארומגעגאנגענ א ראָמאנטישע לעגענדע, אז ער האָט אינ די סאמע יונגע יאָרנ פארלאָרנ זיינ קאלע אונ האָט שוינ אזוי איינער אליינ, בלייבנדיק געטריי זיינ ערשטער ליבע, אָפּגעלעבט א גאנצ לעבנ.

דריטנס, איז ער געווענ פערזענלעכ רעכטע האנט אונ אלצ, וואָס מענ האָט נעדארפט צו פּערעצנ, איז דאָס גרינגסטע געווענ דורכ אים. פערטנס, האָט מענ אים שוינ דאמאָלסט אָנגערופנ, צוליב זיינע זאָרגעדישנ וועגנ די גויטע פונ די יידישע ליטעראטנ (מענדעלע—זיידע, פּערעצ—טאטע) די מ א מ ע פונ דער יידישער ליטערא-

טור. עס איז נאָכ, דאכט זיכ, געווען—פינפטנס און זעקסטנס אויכ. אָבער צי דער איז גאָר גוימיק געווען אזוי פיל סיבעס אפ ארײַנצוגײן באקאנט צו מאכן זיכ מיט דינענזאָנען פאר א יונגן מאן, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען קײן ווארשע און האָט נאָכ פרעטענזיעס צו ווערן א שרײַבער? מײַן מײדל, פארשטײט זיכ, גײט אויכ. זי פילט זיכ דאָ, אדעראבע, גאנץ מאקיפ, וואָרום ווען ניט זי, זאָגט זי, וואָלט איכ דאָכ גלאט ניט געוווּסט, ווער דינענזאָן איז. און אזוי ווי בא אונדז איז יענעם פארנאכט געזעסן אויכ דאָוויד קאסעל, האָבן מיר פארכאפט אים אויכ—„אדעראבע, פארוואָס ניט?" און מיר זײַנען אוועק איבער די ווארשעווער דײַנע אָנהויב-זומערדיקע נאסן אפ דזשעלנע 15, ווו דינענזאָן האָט „אײביק" געוווינט אין אײן צימער מיט א באזונדער ארײַנגאנג בא זײַן רײַכער שוועסטער אין אײנעם הויפ. אין אײן ווינקל פון צימער איז געווען הינטער א פאָרהאנג זײַן „שלאָפצימער"—א בעט, און אין צווײטן—א „קיכ"—דאכט זיכ, א גאזאָווע פלימקע.

דינענזאָן איז געווען אינדערהײם. פארפירט מען פאר דער ערשטער באקאנ-שאפט א שמועס אביסל פון דער וועט—דינענזאָן איז געווען זײער א צוגעלאָזטער און א בארעדעוודיקער—אָבער גאָר גיכ קומט מען פאָרט ארופ אפ דער ליטעראַ-טור. מײַן מײדל האָט זיכ אײַנגעלעבט שוין פון דער ערשטער מינוט ניט געקענט אײַנהאלטן, און ווי זי האָט נאָר צוגעזען די ערשטע געלעגנהײט, האָט זי אים גלײַכ מיט גרויס היספּײַלעס ארויסגעשאָסן וועגן דעם געוואלטיקן אײַנדרוק, וואָס „יאָסע-לע" האָט געמאכט אין איר הײמישטאָט סמאָרגאָן.

— אזוי גאָר,—רעדט שוין מיט איר דינענזאָן מײַסע גומער ברודער,—זײַט איר, הײסט עס, א סמאָרגאָנערקע? א רעכטע שטעטל סמאָרגאָן? א? נו און מײַן „הער-שעלען" האָט איר געלײענט?

— נײן, ניט געלײענט—ענטפערט מײַן מײדל אזוי ווי דער עמעס איז.

— ניט געלײענט?—פארוואונדערט זיכ דינענזאָן—און אזוי ווי ער איז געזעסן פון יענעם זײַט טיש, וואָס בא דער וואנט, אזוי האָט ער פאוואָלינקע גענומען א ציִ אויס די האנט צו דער קלײנער פאָליצע, וואָס איבער זײַן קאָפּ, און ער האָט ארויסגענו-מען א גאנץ הויבשן ביכל:

— איר זײַט אויפגעלײגט צו הערן?

— אכ, פארוואָס ניט?

איכ זע באשײַמפערלעכ, אז מײַן מײדל איז פארהיפּנאָטיזירט פון ערשטן שרײַ-בער, וואָס זי זעט אפ איר לעבן, און זי ניט זיכ שוין גאָר ניט אָפּ קײן בעזשבן אין דעם, וואָס פאר אן אומגליק זי האָט דאָ אפ זיכ אָנגעשריִען: אזא גראָב בוכ!

אָבער דינענזאָן לײענט שוין. ער לײענט לאנגזאם און באטאמט, און ער איילט זיכ גאָר ניט, ער האלט נאָכ פּאָרלויפיק אפן ערשטן בלעטל... קען דאָס זײַן, ער זאָל מאקע האָבן אין זינען איבערצולײענען דעם גאנצן בוכ? איכ וואַרט געדולדיק א פערטל שעה, נאָכ א פערטל שעה. איכ הער ניט, וואָס דינענזאָן לײענט, ווײַל מײַן גע-דאנק איז פארשארפט אפ אײן פראגע: וויפל, אײַנטלעכ, מײנט ער הײַנט איבערצולײ-ענען פון דעם בוכ? און דינענזאָן מישט דערווײַל א בלעטל נאָכ א בלעטל, ער האלט שוין אפ בלעטל 17, זע איכ, קאסעל זיצט ווי א פארמישבעטער, און קוקט

אפ די שפיצנ פונ זײַנע לאנג-אויסגעצויגענע פיס: ער האָט, געבעכ, וואָס צו קוקנ—קאסטל, די שיכ האָבנ זיכ בא אימ גוט צעהוליעט אונ זײַ בעטנ קאשע... אָבער עס איז ניט קענטיק, אז ער זאָל זיכ שטארק געמענ צומ הארצנ דעמ לײַענע, וואָס דינענזאָנ האָט דאָ פאַרנענומענ: א קאלטער מענטש דער דאָזיקער קאסטל, אונ איכ בינ אימ עמעס מעקאנע. אָבער איכ קענ דאָס ניט. מײַנ קאָפּ ארבעט אפ אלע שרויפנ: קאָפּ, גיב סײַכל! וויאַזוי דרייט מענ זיכ דאָ פאָרט ארויס פונ דער מיעסער געשיכטע, אינ וועלכער איכ בינ אינגאנצנ אומשולדיק ארײַנגעפאלנ... אונ מײַנ אָנגעשטרענגטער בליק איז געווענדעט אינ פענצטער ארײַנ: א, ווי גוט איצט דארפ דאָס זײַנ אביסל דורכצושפאצירנ זיכ איבער די אָוונטיקע ווארשעווער גאסנ...

אונ דאָ האָט זיכ דינענזאָנ פלוצלינג אָפּגעשטעלט. „גאָט צו דאנקענ“—טראכט איכ אונ איכ זיפצ זיכ אָפּ מיט פארגרינגערונג, אָבער אזוי, פארשטייט זיכ, אז דינענזאָנ זאָל ניט באמערקנ: „גאָט צו דאנקענ“, פאָרט נעמט א סאָפּ צומ לײַענענ...

אונ דינענזאָנ, דער רויקער, דער ליבער, דער גאסטפרײַנטלעכער מאמע-דינענזאָנ זאָגט דערווײַל:

— ווייסט איר וואָס, קינדער? אזוי ווי דאָס לייענענ וועט נאָכ נעמענ געדויערנ, וועל איכ גאָר מאכנ טיי. איר וועט זיכ דאָכ ניט אָפּזאָגנ פונ א גלעזל וואַרעמס?

מײַנ מיידל, זע איכ, שמײַכט: זי איז שטארק באצויבערט סײַ פונ דינענזאָנענ, סײַ פונ זײַנ ווארעמער אופנאמע: אָט וועט זי דאָס האָבנ צו דערציילנ אונ דערציילנ, אז זי וועט זיכ מירצעשעם אומקערנ אפ יאַנטשעוו קיינ סמאָרגאָנ! אונ דערפאר בינ איכ אפ איר מאמעש פלאמ-פײַער. איכ וויל פונ קיינ זאכ ניט ווייסנ אונ קעמיידער איכ צופּ זי אומבאמערקטערהייט אונטערנ טיש:

— דו האָסט אונדז ארײַנגעשלעפּט אינ א צאָרע, שלעפּ, זײַ מויכל, ארויס צוריק! וואָס-זשע שווײַגסטו, וואָס? אָבער ווו? זי איז קאלט ווי א שטשאַוו, אונ א סוואָרע, אז זי וויל גאָר אינ מײַנ זײַט ניט קוקנ. איכ וואַרפ א בליק אפ קאסטלנ אונ וויל אויכ אינ אימ באמערקנ סימאָנימ פונ אומגעדולדיקײַט. אָבער נײַנ: קאסטל זיצט אזוי, ווי ער איז געזעסנ, אונ דאכט זיכ, אז ער דרעמלט גאָר... וואָס פעלט אימ? דינענזאָנ האָט דערווײַל ארויסגענומענ פונ ערגעץ א פּאָר גלעזער, שאָלנ, א האנטעכ, אונ ער נעמט איבערווישנ די גלעזער. די אלטע הענט ציטערנ אימ אביסל, אָבער איכ זע, אז ער איז געניט אינ דער מלאָכע—פאָרט אָפּגעלעבט א לעבנ אָנ א באַלעבאָסטע. אָבער וואָס וועט דערפונ? איכ האָב שוינ מער קיינ געדולד ניט צו זיצנ אזוי לאנג אפ אײנ אָרט, אונ אָט גיב איכ ענדלעכ א שפרונג אופּ פונ בענקל מיט אזא אימפעט, ווי איכ וואָלט זיכ דאָ פלוצלינג דערמאָנט מי-יודײַע וואָס פאר א וויכטיקע זאכ.

דינענזאָנ איז אזש אומרויק געוואָרנ:

— וואָס איז?

— פארשטייט א מײַסע—האָב איכ געמאכט א טראגישע מינע:—איכ האָב גאָר פארגעסנ, אז איכ מוז זײַנ די שאָ בא אײנעמ א באקאנטנ, וואָס הײַנט פאָרט ער אוועק. דערנאָכ וועל איכ אימ ניט טרעפנ. איכ מוז מיכ אנטשולדיקנ אפ א ביסל צײַט.—אונ איכ גרייט זיכ שוינ אוועקצוגיינ. אָבער דאָ מישט זיכ ארײַנ מײַנ מיידל,

וואָס בעפייִרעש איכ פארשטיי נאָר ניט, וואָס מיט איר איז דאָ היינט געוואָרנ, אונ זי איז מיר מעוואָטל אפ גאָר א גרויסנ פראָצענט:

— זע נאָר—זאָגט זי, ווי א קאלטער גאזלענ—א צווייטער וואָלט טאקע מיינענ, מי-יודיע וואָס פאר א געשעפטנ דאָרט שטייענ אימ פאָר. וועסט אימ כאפנ א צווייטנ מאָל. אינ צוויי טעג ארומ קומט ער צוריק.

אוואדע בינ איכ געווענ א צעקאָכטער, אָבער אינ דער פרעמדער האָב איכ זיכ געמוזט איינהאלטנ אונ נאָכ מאכנ א גוטע מינע צומ שלעכטנ שפיל. האָב איכ געזאָגט ניט אָנ א שטאָכ אינ איר זייט:

— אסאכ פארשטייסטו אינ מיינע געשעפטנ מיט דיינ סמאָרגאָנער קאָפ!

— נו, גוט—האָט געפונענ א גוטנ אויסוועג דער אייביקער רוידעפשאָלעמניק יאנקעוו דינענזאָנ:—צו וואָס ערגערנ זיכ? אָט וועלנ מיר דערווייל טרינקענ טיי. אונ איר גייט, ווו איר דארפט. מע קענ צוווארטנ א ביסל.

שלעכט! וואָס טוט מענ?

— ניינ-ניינ—זאָג איכ—עס קענ לאנג געדויערנ. עס קענ מעגלעכ זיינ, אז איכ זאָל מיט אימ נאָכ מוזנ מיטפאָרנ צומ וואָקזאל, אונ עפשער איכ באגלייטנ א פאָר סטאנציעס. ווער ווייסט... איר, אלנפאלס, לייענט דערווייל—האָב איכ זיי אָנגעזאָגט—אונ דאָס, וואָס איכ וועל דורכלאָזנ, וועל איכ שוינ אליינ דערלייענענ...

אז איכ האָב זיכ ארויפגעכאפט אפ דער זומערדיקער גאס, האָב איכ זיכ דערפילט, ווי איכ וואָלט זיכ ארויסגעריסנ פונ א טורמע...

צוריק בינ איכ געקומענ וואָס שפעטער, שוינ ארומ 12 אזייגער באנאכט, איכ בינ פאָשעט געקומענ אָפנעמענ מיינ מיידל, דינענזאָנ האָט נאָר וואָס געהאט פארענדיקט זיינ לייענענ. קאָסעל, האָב איכ געזענ, איז שוינ אינגאנצנ אנ אויסגעשלאָפענער אונ מיינ מיידל האָט געהאלטנ אינ זאָגנ דינענזאָנענ קאָמפלימענטנ. דינענזאָנ האָט געשייגט מיט זיינע קינדעריש-נאאיווע אויגנ, וואָס האָבנ גאָר ניט ווידערשפראָכנ זיינ ארומגעשוירענעמ גרויענ בערדל אונ ער האָט געזאָגט:

— איצט האָב איכ אָנגעשריבנ א נייע זאכ. אסאכ א בעסערע.

— א גרויסע?—האָט געפרעגט מיינ מיידל.

— גרעסער פונ „הערשעלענ“. אנ אינטערעסאנטע זאכ. מענ מעג דאָס אויסהערנ. קומט ארייננ, קומט ארייננ.

דערמיט זיינענ מיר אוועק. איכ האָב געשוויגנ. איכ האָב, ארעראבע, געוואָלט, אז זי זאָל אָנהויבנ ריידנ. אונ באלד האָט זי טאקע אָנגעהויבנ:

— זייער אנ אינטערעסאנטע זאכ „הערשעלע“. מיר טוט האנאָע. פונדעסטוועגנ האָב איכ ניט אומזיסט פארלאָרנ דעמ אָוונט.

איכ האָב געשוויגנ. נו, גוט—האָב איכ פאר זיכ באשלאָסנ, איכ וועל זיכ מיט דיר אָפרעכענענ אפ אנ אנדער שטייגער.

אונ אינ א פאָר טעג ארומ זאָג איכ צו איר:

— קומ גאָר צו דינענזאָנענ. ער דארפ דאָכ דיר איבערלייענענ אנ אינטערעסאנטע זאכ.

— צו דינענזאָנענ?—אונ איכ זע באשיימפערלעכ, אז זי זוכט עפעס א טערעצ,

וויאזוי בעסער ארויסצודרייען זיך, אָבער אזוי, אז איך זאָל קיין זאך ניט באַ-מערקן: -וואָס מיינסטו, מע דארף מאקע אריינגיין. אוואדע דארף מען אריינגיין.

—מאָ וואָס איז די מעגיע?

— עפעס בין איך היינט ניט אופגעליינט—זאָגט זי.—לאָמיר עס אָפּלייגן אף א צווייטן מאָל.

— גוט-טראכט איך—לאָמיר עס אָפּלייגן איך האָב צייט. אָבער אזוי גרינג וועסטו זיך בא מיר ניט ארויסדרייען.

אין אין א פאָר טעג ארום טרעט איך צו נאָך העפטיקער:

—האָסט דאָך אים צוגעזאָגט!

און אזוי האָט זי אלע טאָג באדארפט צוזוכן א נייעם טערעץ, מיין פיידל: אונטערגעגעבן האָט זי זיך ניט, אָבער געגאנגען איז זי אויך ניט!

---

ריווקע רובינ

# י. ל. פּערעצ

(1915—1851)

1

י.ל. פּערעצ איז געקומענ אינ דער ייִדישער ליטעראַטור סאָפ 80=ער יאָרנ פונעמ פאָריקנ יאָרהונדערט אינעמ עלטער פונ 38—39 יאָר. אונ געקומענ איז ער באַלד פונ אָנהייב, ווי א רייפער, זייער אייגנאַרטיקער קינסטלער. קיינ יונגט=פּעריאָד האָט פּערעצ אינ דער ייִדישער ליטעראַטור ניט געהאַט. זײַנ ערשטע קינסטלערישע דער=פאַרונג מאַכט דער שרײַבער דורכ פאַר זיכ אינ דער שטיל, אונ טײלווײַז אינ דער העברעיִשער ליטעראַטור. אינ יאָר 1875 האָט פּערעצ דעבוטירט מיט א העברעיִשער ליד אונ א היפּשע צײַט איז ער געווענ טעטיק אַלס העברעיִשער שרײַבער. פּערעצעס ערשטע עפנטלעכע אַרויסטרעטונג אינ ייִדיש איז געווענ די פּאָעמע „מאָניש" (1888). דאָס ווענדנ זיכ צו ייִדיש האָט באַטײַט א קער אינ דעמ וועלט=באַנעמ פונעמ שרײַבער, אַזאַ קער, וועלכער האָט אימ געהאָלפנ אויכ צו געפינענ זיכ ווי א קינסטלער.

סאָפ 80=ער יאָרנ זיצט נאָכ פּערעצ, וואָס האָט פאַרמאָגט א גרויסע ייִדיש-רעליגיעזע אונ אייראָפּעיִש=וועלטלעכע קולטור, אינ זײַנ פּוילישנ געבורטס=שטעטל זאַמאָשטש, אָפּגעריסנ פונ א קולטור=צענטער אונ ליטעראַרישע פאַרבינדונגענ אונ פאַרנעמט זיכ מיט פּריוואַטער אַדוואָקאַטור. וועגנ דער ייִדישער ליטעראַטור פונ זײַנ צײַט האָט ער נאָכ דאַנ זייער אַנ אומקלאָרע פאָרשטעלונג. ס'איז כאַראַקטעריס=טיש, אַז ווענ עס פאַרבינדט זיכ שוינ אינ די יאָרנ 1888—1889 צווישנ פּערעצנ אונ שאָלעמ-אַלייכעמענ א גאַנצ לעבהאַפטע קאָרעספּאָנדענצ, ווײַזט זיכ אַרויס, אַז פּערעצ האָט צעפּלאָנטערט שאָלעמ=אַלייכעמענ מיט מענדעלענ, וועמעס ווערק ער האָט געלייענט ניט אינ ייִדיש, נאָר אינ א פּוילישער איבערזעצונג.

ווענ שאָלעמ=אַלייכעמס זאַמלבוכ „ייִדישע פאָלקס=ביבליאָטעק" דערוווּסט זיכ פּערעצ צופעליק. דער דראַנג צו ליטעראַרישער טעטיקײַט אונ די בענקשאַפט נאָכ א לעבעדיקער ליטעראַטור איז בײַ פּערעצנ צו יענער צײַט אַזוי גרויס, אַז ער פאַרבינדט זיכ באַלד מיט שאָלעמ=אַלייכעמענ אומבאַקאַנטערהייט. זײַנ בינטל בריוו צו שאָלעמ=אַלייכעמענ פונ אָט דער צײַט שטעלט מיט זיכ פאָר א גרויסנ אינטע-

רעם. די דאָזיקע בריוו באַווײַזנ, וויאַזוי דער פּראָווינציעלער אַדוואָקאַט פּערעצ האָט אינ זײַנ אײַנזאַמקײַט דורכגעטראַכט אונ דורכגעווייטיקט אַ רײ ווײַכטיקע פּראָבלעמענ פונ דער דעמאָלטיקער ייִדישער ליטעראַטור אונ וויאַזוי ער האָט זיכ שוינ דאַנ קלאָר פאָרגעשטעלט די אינדיווידועלע אייגנשאַפטנ פונ זײַנ באַרופ אונ סטיל. ער מערקט דאָ אָפּילע אָנ אייניקע עלעמענטנ פונ דער פּראָגראַמ, וואָס ער וועט שפּעטער אַזוי גלענצנדיק פאַרווירקלעכנ אינ די 90-ער יאָרנ, די פּראָגראַמ פונ אינטענסיוונ אָנגריפ קעגנ די רעשטנ פונעמ מיטלאַלטער אינ דער ייִדישער סוויווע. פּערעצ שרײַבט שאָלעמ-אַלייכעמענ וועגנ אַ פאַרטראַכטנ ווערק, וואָס זײַנ ציל איז „אַדורכצופירנ אונטער דער קריטיק אונ צושטעלנ צומ שאַנד-סלופּ אַלע גדולי-האַדאָר, די אָנגעזעענסטע כסידימ, מיסנאַגדימ, סאָכרימ, די באַלע-צדאָקע אונ באַלעטויוועס אונ אויפדעקנ דעמ פאַריפעשטנ קוואַל, וואָס פונ אימ שעפּט אונדזער לעבנ". ער קלײַבט זיכ אויכ שרײַבנ פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע ווערק איבער די פראַגנ פונ סאָציאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע, געשיכטע אונ אַפילע פיזיק, קעדיי אויסצובילדנ דאָס פאָלק.

פּערעצ איז נאָכ אינ דעמ פּעריאָד ניט באַווירקט פונ סאָציאַליסטישע אידייענ. זײַנע אַרויסזאָגונגענ פונ יענער צײַט זײַנענ דאָסראָוו באַפאַרבט מאַסקיליש אָדער פאָלקיסטיש. ווי ווײַט אָבער ער גייט אַוועק פונעמ טראַדיציאָנעלנ מאַסקילישנ קוק אַפ שפּראַכ אונ ליטעראַטור! אַפנ געביט פונ קינסטלערישער שפּראַכ אונ ליטעראַטור טרעט פּערעצ באַלד אַרויס ווי אַ דרייסטער נאָוואַטאָר:

„איכ קוק נישט אַפנ „זשאַרגאָנ" ווי אַפ אַ כלי שני אונ נישט ווי אַפ אַ פאַרמיטלונג, וואָס גייט אַריבער. איכ וויל, עס זאָל ווערנ אַ שפּראַכ, אונ דעריבער באַדאַרפנ מיר פאַרברייטערנ אונ פאַרמערנ אירע אויצרעס אונ צוגעבנ יעדע רעגע אַלצ נײַע אויסדרוקנ, אַז דער שרײַבער זאָל נישט זאָגנ: מיר איז ענג דאָס אָרט..."

„...אונ דאָס איז דאָכ דער צוועק פונעמ ליד—נישט אויסצודריקנ דורכ מעליצעס דאָס באַקאַנטע, נאָר אויפצודעקנ נײַע הימלענ, צו שאַפנ פאַרנ פאָלק נײַע באַגריפנ, אַרײַנצודרינגענ צו אימ מיט נײַע געדאַנקענ, אונ נישט איבערדערציילנ דאָס אַלטע אונ פאַרעלטערטע..."

„אַז מיר ווילנ אַרײַנברענגענ נײַע געדאַנקענ, מוזנ מיר געבנ אויכ נײַע פאָרמענ, נײַע אויסדריקנ, ווײַל דער אַלטער לעוווש פּאַסט זיכ נישט צו צומ נײַעמ, די אויסדריקנ זענענ אויס לעכאַטכילע פרעמד, אָבער סאָפּקאָלסאָפּ וועלנ זיי אַרײַנדרינגענ ווי וואַסער אינ דעמ לעזער אונ וועלנ באַרײַכערנ זײַנ פאַרשטאַנד" (פונ פּערעצעס בריוו צו שאָלעמ-אַלייכעמענ).

פונקט צו דער צײַט, ווענ ס'פאַרבינדט זיכ די קאָרעספּאָנדענצ צווישנ פּערעצ אונ שאָלעמ-אַלייכעמענ, פאַרלירט פּערעצ איבער עפּעס אַ מעסירע די אַדוואָקאַטור. דער דעמאָלטיקער יוסטיצ-מיניסטער אַנטזאָגט זיכ קאַטעגאָריש אומצוקערנ אימ זײַנע רעכט, מאָטיווירנדיק עס אַפ אַ גאַנצ „אייגנאַרטיקנ" אויפנ: „אַדראַבע, וועט זײַנ מיט איינ פייִקנ ייִדישנ אַדוואָקאַט ווייניקער אינ רוסלאַנד".

אינ יאָר 1888 דרוקט פּערעצ אינ שאָלעמ-אַלייכעמס „ייִדישער פאָלקס-ביבליאָטעק" זײַנ פּאָעמע „מאָניש". אינ יאָר 1889 באַקענט זיכ פּערעצ מיט זײַנ ערשטנ טרײַענ פאַרערער, וואָס איז אימ געבליבנ זײַנ בעסטער פרײַנט אונ כאַווער ביז

סאָפ פונ זײַנ לעבנ, מיט יאַנקעװ דינעזאָנ. אינ יאָר 1890 גיט דינעזאָנ אַרויס פּערעצעס ערשט ביכל אינ ייִדיש „באַקאַנטע בילדער“ מיט זײַנ, דינעזאָנס, אַ פאָרװאָרט. אינעם דאָזיקנ ביכל זײַנענ שוינ געדרוקט אַזעלכע גלענצנדיקע זאַכנ פּערעצעס װי „דער מעשולעכ“ אונ „דער מעשוגענער באַטלענ“. פּערעצ שטעלט זיכ אַװעק אינ די ערשטע רייענ פונ דער ייִדישער ליטעראַטור.

פּערעצ באַזעצט זיכ אינ װאַרשע אונ ער אַנטװיקלט אַ באַדײַטנדיקע ליטעראַרישע טעטיקײַט אַלס שרײַבער אונ אַלס אַרויסגעבער פונ זײַנע באַקאַנטע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. מיטלענ צומ לעבנ שעפּט ער פונ זײַנ שטעלע אַלס „רעכנ־מײַסטער“ אינ דער װאַרשעװער ייִדישער קעהילע. אַפּ דער דאָזיקער שטעלע איז פּערעצ פאַרבליבנ ביזנ סאָפ פונ זײַנ לעבנ.

די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסנ, די סאָציאַליסטיש געשטימטע ייִדישע אַרבעטער געפינענ אַ טרײסט אינ דער געשטאַלט פונעמ גיפטיקנ „לעצ פונ רעדאַקציע“, װעלכער רײַסט בײַסיק אַראָפּ די מאַסקע פונ די קלעריקאַלנ, פילאַנטראָפּנ, כיבאַס־ציױנדיקע קלאַל־טוער אונ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ אינגאַנצנ גענומענ סײַ אינ אירע פאַרעלטערטע, סײַ מאָדערנע, קלױמערשט דעמאָקראַטישע פאָרמענ; אינ געשטאַלט פונעמ געזעצטנ דר' שטיצער, װעלכער דערקלערט רויִק אונ געװיסנהאַפט די װיכטיקסטע געזעצנ פונ פיזיק אונ נאַטורװיסנשאַפט; אינ דער שוינ ניט פאַרהילטער אונ דירעקט אַנטפּלעקטער געשטאַלט פונ י.ל. פּערעצנ גופא מיט זײַנע װוּנדערלעכע נאָװעלנ װעגנ די קעלער־שטיבער, װעגנ נויט אונ פּראָטעסט, װעגנ ליבע אונ טרוימ. ס'איז נאָר שװער זיכ פאָרצושטעלנ, אַז דער „לעצ פונ רעדאַקציע“ אונ „דר' שטיצער“ אונ „האַיאָסעמ מינעטיראָװ“ אונ „לאָמפּנ־פוצער“ אונ „נישט קײנ באַטלענ“, אַז דאָס איז אַלצ אײנ מענטש, דער אומרויִקער גײַסט פונ דער ייִדישער ליטעראַטור — י.ל. פּערעצ, װעלכער האָט אונטער פאַרשײדענע פּסעװדאָנימענ געדרוקט זײַנע פאַרשײדנסטע װערק אינ זײַנע אײגענע אויסגאַבעס פונ די 90־ער יאָרנ — „די ייִדישע ביבליאָטעק“ (1891—1895), „ליטעראַטור אונ לעבנ“ (1894), אונ די באַרימטע „יאָנטעװ־בלעטלעכ“ (1894—1896).

דער קרײַז פונ פּערעצעס אינטערעסנ איז אינעם פּעריאָד פונ די „יאָנטעװ־בלעטלעכ“ זײער גרויס. דער אויפשטײַג פונ דער אַרבעטער־באַװעגונג אינ רוסלאַנד אינ די 90־ער יאָרנ װירקט אַפּ אימ אַפּנ סאַמע אומיטלבאַרנ אופנ. אינ פּערעצעס װערק פונ יענער צײַט לעבט דער ראָמאַנטישער פאָרגעפיל פונ דער רעװאָליוציע, באַגלײט מיט דער גיפטיקער קריטיק פונעמ קאַפּיטאַליזמ צוזאַמענ מיט די רעשטנ פונעמ ייִדישנ מיטלאַלטער. ס'איז ניט צופעליק, װאָס בעשאַס די פּאָליצײ־אונטערזוכונגענ בײַ ייִדישע אַרבעטער־סאָציאַליסטנ פלעגט מענ דעמלט האָסראָװ געפינענ פּערעצעס „יאָנטעװ־בלעטלעכ“.

פאַר פּערעצעס שטימונגענ אינ יענער צײַט איז כאַראַקטעריסטיש דער דעװיז פונ זײַנ אויסגאַבע „האַכײצ“: „איכ בינ ניט געקומענ מיט דיר שמועסנ אונ פאַרברענגענ, נישט אײַנשלעפערנ אונ פאַרשיקערנ, איכ בינ געקומענ אויפװעקנ דײַנ האַרצ אונ דײַנ מויעכ, אַראָפּרײַסנ דעמ שלײער פונ דײַנע אויגנ“. אַזאַ ניט גאַסטפרײַנטלעכע באַגעגעניש האָט דאַנ געװיס געמוזט שאָקירנ דעמ „אָנשטענדיקנ“ לײענער.

אינעמ דאָזיקנ „שטורעמ-אונ-דראַנג"-פעריאָד פונ זײַנ טעטיקײַט שטעלט פערעצ זײַנ גאַנצ שאַפנ צו דינסט דעמ פאָלק. זײַנ הויכנ אינטעלעקט אונ די גאַנצע ליריק פונ זײַנ נעשאָמע גיט פערעצ אָפּ די לײַדנדיקע אונ אונטערדריקטע. אונ ניט מיט קיינ פילאַנטראָפּישער טרער איז ער צוגעגאַנגענ צו די דאָזיקע לײַדנדיקע, אונ ניט מיט קיינ נאַטוראַליסטישער נאָכשלעפּעניש אונ נעבעכדיקער פיקסאַציע פונ זייער לעבנ, נאָר מיט האַפיגירט אונ מיט גרויסער קולטור. פערעצ האָט געהאַלטנ, אַז מע דאַרפ דאָס פאָלק דערהויבנ צו דער העכסטער מאַדרייגע פונ קונסט, דאָס פאָלק קענ פאַרשטיינ אויכ קאָמפּליצירטע קונסט, פונקט ווי עס קענ פילנ קאָמפּליצירט, ווײַל וואָס זײַנענ, אייגנטלעכ, אויסנ געווענ פערעצעס ליבע-נאָוועלנ פונ דעמ דאָזיקנ פעריאָד, אויב ניט די רעאַביליטאַציע פונ אַלע געזונטע מענטשלעכע געפילנ באַמ פאָלק.

פערעצ איז דער מײַסטער פונ נײַע פאָרמענ. ער איז פּראָגרעסיוו, נאָוואַטאָריש סײַ אינעמ אינהאַלט, סײַ אינ דער פאָרמ. שוינ אינ די 90-ער יאָרנ טרעט ער אַרויס ווי אַ פילזשאַנערדיקער שרײַבער, אונ יעדער זשאַנר בא אימ איז אָדער ביכלאַל אַנ אַנטדעקונג אינ דער יידישער ליטעראַטור, אָדער עפּעס אַ נײַס, אַ נײַ וואָרט אינעמ שוינ פאַראַנענעמ זשאַנר.

פערעצעס פילזשאַנערדיקײַט כאַראַקטעריזירט דעמ פאַרנעמ אונ די ברייטקײַט פונ זײַנ געזעלשאַפטלעכנ אונ קינסטלערישנ דיאַפּאַזאָנ. אָט פונקט ווי זײַנ פערזענלעכקײַט האָט זיכ געהילט אונטער 11 פּסעוודאָנימענ, קעדיי וואָס פילזײַטיקער אַנטפּלעקט צו ווערנ, אַזוי האָט זי זיכ אויכ שטורמיש אַנטפּלעקט אינ די פאַרשיידנסטע זשאַנרענ פונ זײַנ שאַפנ. אונ דאַפקע דאַנ, באַפרוכפּערט פונ פּראָגרעסיווע אידייענ, איז ער געווענ דער עכטער נאָוואַטאָר, דער עכטער דערפינדער פונ נײַע פאָרמענ.

דאָס גאַנצע שאַפנ פערעצעס אינ די 90-ער יאָרנ איז זייער צילגעווענדט, קאָנצענטרירט אַרומ אייניקע וויכטיקסטע פּראָבלעמענ, וועלכע האָבנ אימ דאַנ אַמשאַרפסטנ גערעגט. דאָס איז צו זענ אַגעוו פונ דעמ, אַז אַפילע ביבלישע מאָטיווג באַאַרבעט דעמלט פערעצ אינ איינקלאַנג מיט זײַנע קעמפערישע טענדענצנ:

גאָט זאָגט מיר אַזוי צו זאָגנ:
די „געוויזימ" וועל איכ קלאָגנ,
די שאַקראָנימ, די קאַזוואָנימ,
מיטנ אומפאַרשעמטנ פּאָנעמ
אונ פאַרגלײַסטע אויגנ,
פונעמ פינגער ווײַל זיי נאָגנ,
ווײַל זיי טראַכטנ אויס אונ זאָגנ
אינ מײַנ נאָמענ נאָר דימיוינעס,
פאַר מאַטבייעס, פאַר פּידיוינעס,
נישט געשטויגנ, נישט געפלויגנ.

(„פּינ יעבעזקל").

צי איז דאָ צופעליק דער אויסוואַל פונעמ מאַטעריאַל גופע און די ליידנשאַפטלעכע אויספאָרעמונג פונעמ דאָזיקנ מאַטעריאַל? צי איז דענ דער מאָטיוו פונ די פאַלשע „נעווינעס" ניט אינ איינקלאַנג מיט פּערעצעס קאַמפּ קעגנ די קלייקווידעש, קעגנ דער „האַבאַנישער פלעדערמויז", קעגנ די פאַרשיידענע פאָרמענ פונ אונטערדריקונג און פאַר דער רעאַבילימאַציע פונעמ פאָלקס-סייכל און אַלע נאָרמאַלע געפילנ פונ פאָלק? צו דעמ ריגט פּערעצנ די נאָוועלע, דאָס ליד, די פּובליציסטיק.

פּערעצ האָט געהאַט דאָס פולסטע רעכט צו באַצייכענענ זיכ אונטער זײַנ פּובליציסטיק „נישט קיינ באַטלענ". זײַנע פעליעטאָנענ און אַרטיקלענ פונ די 90-ער יאָרנ זײַנענ אינגאַנצנ פרײַ פונ די כאַראַקטעריסטישע פאַר דער דעמאָלטיקער ייִדישער פּובליציסטיק עלעמענטנ פונ פּוסטער באַטלאָנישער מעליצע, פונ ביליקער וויצלדיקײַט און איבעריקער פאַרדרעוודיקײַט.

פּערעצעס פּובליציסטיק האָט בעתמעס געקלונגענ ווי א נײַ וואָרט:

„פאַר ענגלאַנד איז זייער גוטלעב, אַז עס זאָלנ אופהערנ מילכאָמעס, דאָכ איז פאַר איר נאָכ גוטלעבער, אַז אַנדערע זאָלנ אויסמאָנ די קלייזײַענ, און זי אַליינ זאָל קענענ דערווײַל פאַרכאַפּנ מיט דער שווערד נאָכ און נאָכ לענדער אינ אַפריקע, אַזיע און אויסטראַליע... זי האָט נאָכ ניט אַלע באַקליידט מיט איר בוימוואָל פונ מאַנטשעסטער און נישט אַלע צעטיילט אירע מעסערלעכ פונ בירמינגאַם, נאָר ווענ אַפילע אַלע רעגירונגענ זאָלנ זיכ צווישנ זיכ אויסגלײַכנ, וועלנ זיי נאָכ אַלצ ניט אויסקלייגנ דאָס געווער: עס בלײַבט נאָכ איבער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס ווערט פונ טאָג צו טאָג שטאַרקער און הייבט אָנ ניט אפ א גלײַכווערטל צו שרעקנ". („פּײַל און בויגנ").

פונ פּערעצעס א צווייטנ פעליעטאָנ:

„דער באַפירענער ליבעראַליזמ איז אַדורכ גאַנצ אייראָפּע, ווי א זאַראַזע, פרײַהייט הייסט דאָס רעכט צו מאַכנ זיכ מיט די עלנבויגנס אַנ אָרט באַמ טיש, וויילנ — הייסט קויפנ שטימענ פאַר געלט און בראַנפנ, פּאַרלאַמענטנ זײַנענ בערזעס, ווו פּאַרטייענ שווינדלענ מיט פּאָליטישע פּאַפּירנ, ווו די דעפּוטירטע פאַרקויפנ איינער דעמ צווייטנ די געקויפטע שטימענ, די „פרײַע פּרעסע", די שטאָלצ פונעמ 19-טנ יאָרהונדערט, איז א רינשטאָק פונ בלאָטע און שאַנטאַזש".

אינ די צוויי געבראַכטע, זייער דרייסטע, פאַר יענער צײַט, אַרויסזאָגונגענ וועגנ דער אייראָפּעיִשער פּאָליטיק, וואַרפט זיכ אינ די אויגנ די זאַכלעכקײַט פונ טאָנ, די געפּרעסטקײַט, קימאַט אַפאָריסטישקײַט פונ דער שפּראַכ. פּערעצעס דעמאָלטיקע פּובליציסטיק צייכנט זיכ אויס דערמיט, וואָס באַגלײַכ מיט איר אופקלערערישער זאַכלעכקײַט, פילט זיכ דאָכ אינ איר פּערעצ—דער קינסטלער: די פּובליציסטיק איז כאַ פּערעצנ א גלײַכבאַרעכטיקטער זשאַנר אינ זײַנ סטיל. יעדער פעליעטאָנ בליצט אופ מיט אומדערוואַרטע פאַרגלײַכנ און פאַראַלגעמיינערונגענ, מיט עכט קינסטלערישער געשטאַלטלעכקײַט. באַזונדערס האָט פונ פּערעצעס גאַליקע פײַלנ געליטנ די בורזשואַזע כיבּאַס-ציונ-באַוועגונג. די אידעאָלאָגנ פונ דער דאָזיקער באַוועגונג רופט פּערעצ אָנ „דורכגעטריבענע שאַרלאַטאַנענ" און באַשולדיקט זיי אינ פאַרפירנ דאָס פאָלק מיט באָדנלאָזע פּוסטע צוזאָגעכצנ:

„דער אוילעמ האָט זיכ געפּאַקט,—שרײַבט פּערעצ,—הײַנט מאָרגנ אינ וועג

אריַינ, די אלטע אטאַבעבאַרטאַגישע קעסל-פויק האָט געדונערט, צוזינגענ צימבל גע-קנאַקט, אונ די אלטע ראַבאַגישע פלעדערמויז האָט אויסגעשפּרייט די פליגל איבערנ פארטומלטנ קאָהאָל...“ („וואָס ווילנ מיר“).

ווי פארניכטנדיק עס קלינגט די דאָזיקע גראָטעסקישע בילדערישקייט! פּערעצ האָט פארברייטערט די ראַמענ פונ דער יידישער פּובליציסטיק. ער האָט ברייט גע-שטעלט די פראַגנ פונ דער אייראָפּייִשער פּאָליטיק, פונ ארבעטער-באַוועגונג א.א.וו. אונ דאָס אלצ אינ זייער א קאָנדענסירטער, קינסטלעריש אויסדרוקפולער פאָרמ.

2

פּערעצ האָט דעביוטירט סײַ אינ דער העברעיִשער, סײַ אינ דער יידישער ליטע-ראַטור אלס דיכטער. אונ דאָכ האָט ער נאָכ זיכ איבערגעלאָזט פארהעלטנישמעסיק ניט קיינ גרויסע דיכטערישע ירושה. לידער האָט פּערעצ געשריבנ פּעריאָדיש, פונ צײַט צו צײַט. דערבײַ האָט ער אנגערעכ פונ די 900-ער יאָרנ בינ סאָפּ פונ זײַנ לעבנ קימאַט אינגאנצנ אופגעהערט צו שרײַבנ לידער. בלויז אינ דער צײַט פונ דער וועלט-מילכאָמע, שוינ נאָענט צו זײַנ טויט, קערט זיכ פּערעצ אומ צו ליריק אונ שרײַבט אָנ זײַנ וווּנדערלעכנ ציקל „קינדער-לידער“.

כאָטש פּערעצעס דיכטונג איז קנאַפּ אינ צאָל, האָט זי געשפּילט א באדײַטנדי-קע ראָלע אינ דער אנטוויקלונג פונ דער יידישער פּאָעזיע. א קנאַפּע צאָל לידער, אָבער וויפל פאָרמענ, וויפל פּאָעטישע זשאנרענ: ליבע-ליריק, שפּאָס-לידער, סאטירי-שע לידער, באלאַדעס, קינדער-דיכטונג, איבערזעצונגענ פונ רוסישער אונ מײַרעוו-אייראָפּייִשער פּאָעזיע, פּאָעמעס, דראַמעס אינ פערזנ א.א.וו.

אינ דער ליריק האָט זיכ פּערעצ ארויסגעוויזנ מער ווי אינ אנדערע זשאנרענ אלס א דיכטער פונ אָנהייבנ. אימ איז וויכטיק אויפצושטעלנ א פראַגע, ארויסזאָגנ א פלוצלינג אופגעבליצטנ געדאנק, ארויסזינגענ פונ זיכ א מאָמענטאלע שטימונג. נײַע געדאנקענ, נײַע זוכענישנ לאָזנ אימ זיכ ניט פארהאלטנ אפנ שוינ געפונענעם אונ יאָגנ אימ אלצ פאָרויס אונ פאָרויס.

פּערעצעס לידער זײַנענ אָפט עסקיזארטיק. דער דיכטער וואַרפט אָנ מיט א ברייטער האנט, ווי פארבײַגייענדיק, אימפּראָוויזירנדיק אידייענ, פאָרמענ, אָנהייבנ, ווי אײַנלאַדנדיק עמעצנ דאָס אלצ פאָרצוזעצנ, דאָס אלצ צו פארגאנצנ. פּערעצעס אינדיווידועלע דיכטערישע אופגאַבע איז געווענ דורכצושלאָגנ פאַר דער יידישער ליטעראַטור „א פענצטער אינ אייראָפּע“, אָנמערקנ פאַר איר נײַע וועגנ, אונ די דאָזיקע אופגאַבע האָט ער—באַגלײַכ מיט די פרינצקע יידישע רעוואָליוציאָנערע דיכ-טער פונ אמעריקע—דערפאָלגרײַכ אויסגעפילט.

דער ציקל „ראָמאנצערא“—ליבע-לידער, אינ וועלכע עס פילט זיכ די דירעקטע ווירקונג פונ הײַנעס ליריק, האָט מיטגעהאָלפנ ארויסצופירנ די יידישע דיכטונג פונ די ענגע נאציאָנאלע ראַמענ. די לירישע געשטאלט גופע איז דאָ א נײַע—דאָס איז די געשטאלט פונ אנ אינטעלעקטועלנ מענטשנ מיט קאָמפּליצירטע איבערלעבונגענ אונ געפילנ. דער ליבע-געפיל איז דאָ באפרײַט פונעמ גלעטאָ. די זעלבע באפרײַונג פונ די געטאָ-פּענטעס פילט זיכ אויכ אינ פּערעצעס פאָלקס-מאָטיוונ, איבערדיכטונ-גענ פונ אייראָפּייִשער פּאָעזיע, באטראַכטונגס-ליריק. צוזאמענ מיט נײַע מאָטיוונ

פראָנט דער דיכטער אַרײַנ אויכ אַ נײַע אַרכיטעקטאָניק פונעמ ליד, נײַע פאַר דער יִדישער דיכטונג ריטמענ, נײַע גראַמענ. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ אַזאַ אויסגעצײַכנטע ליריש-סאַרקאַסטישע מיניאַטור, ווי דאָס ליד „קלײנע מענטשנ“:

קליינע מענטשנ, דראָבנע מענטשנ,
זייער שעלטנ, זייער בענטשנ,
זייער לויבנ, זייער שרײַענ,
זייער פלאַמענ, זייער שפּײַענ,
זייער בעטנ מיט געוויינ,
און דאָס קריצנ מיט די ציינ,
אַלצ איז דרויב,
לײַכטער שטויב,
פאַר דער שוואַכסטער פליג קיינ לאַסט!

דאָס דאָזיקע ליידנשאַפטלעכע ליד, אַ ליד—אַ פּראָזע, אַנ אַרויסגעזאָגטע אינ איינ אָטעמ, ענדיקט זיכ אַפּ אַזאַ אומדערוואַרטנ אויפנ:

און די צײַט אָנ רו, אָנ ראַסט
שוועבט אַפּ שטאָלערנע, ריזיקע פליגל, נישט צומ גראַם.

דאָס בעקיוונדיק אונטערגעשטראָכענע „נישט צומ גראַם“, דאָס אַנטבלויזטע קינסטלערישע מיטל קלינגט ווי אַנ אַרויסרופּ קעגנ דעמ פיליסטער, דעמ „דראָבנעמ מענטש“, קעגנ וועלכנ ס'איז געווענדעט דאָס גאַנצע ליד.

פּערעצנ זײַנענ פרעמד אָנגענומענע קאַנאָנענ, און ער מײַדט אויס אַפילע די מעגלעכקײַט פונ אַנ אייגענעמ קאַנאָנ. יעדעס ליד באַאַרבעט ער אַפּ אַנ אַנדער אויפנ, אויסנוצנדיק די דערגרייכונגענ פונ דער אייראָפּעיִשער און רוסישער פּאָעזיע און באַאַרבעטנדיק מיט גרויס ליבע דעמ יִדישנ פאָלקלאָר, טרעפנ מיר בײַ אימ טאַקע באַגלײַכ מיט די ראַפינירטע ליבע-לידער אַזעלכע טמימעסדיק-שפּילעוודיקע פאָלקסטימלעכע לידער, ווי דער „פאָלקס-מאָטיוו“, לעמאָשל, אָדער „עמעס און שעקער“:

„שעקער“, שטייט, „אינ לוי ראַגלאַיִמ“
אָבער עמעס? זי האָט פיס,
פאָרט דער שעקער אינ קאַרעטנ,
און דער עמעס—גייט צופוס.

פּערעצעס ליריק האָט געקלונגענ ווי פרעמדאַרטיק אינ דער יִדישער ליטעראַטור פונ די 90-ער יאָרנ, און קעגנ איר איז געפירט געוואָרנ אַ קאַמפּ, וועלכער האָט זיכ נאָכ אָנגעהויבנ באַמ דערשײַנענ פונ דער פּאָעמע „מאָניש“ (פּערעצעס ערשט פאַרעפנטלעכט ווערק אינ יִדיש).

„מאָניש“ איז צומ ערשטנ מאָל געווענ געדרוקט אינעמ 1-טנ באַנד פונ שאָלעמ-אַלייכעמס „יִדישער פאָלקס-ביבליאָטעק“ (1888 י.) די דאָזיקע פּאָעמע איז

געווענ אזוי אומדערהווארט אינעמ קאָנטעקסט פונ דער דעמאָלטיקער ייִדישער ליטעראַטור סײַ לויטנ אינהאַלט אונ סײַ לויט דער פאָרמ, אַז אַפילע שאָלעמ=אַלייכעמ האָט ניט אָפּגעשאַצט איר ווערט. שאָלעמ-אַלייכעמ אַלס רעדאַקטאָר האָט אַרײַנגע=טראָגנ באַדײַטנדיקע ענדערונגענ אינ דער פּאָעמע, וואָס האָבנ אָנגערירט איר ספּע=ציפישנ סטיל. אינ עטלעכע יאָר אַרומ האָט מאַקע פּערעצ געפונענ פאַר נויטיק אַרויסצוגעבנ „מאָנישנ" אינ א באַזונדער ביכעלע, אופשטעלנדיק זײַנ אורשפּרינגלעכנ טעקסט.

צוזאַמענ מיט „מאָנישנ" איז אינ דער ייִדישער ליטעראַטור געקומענ א נײַער שרײַבער, א ראָמאַנטיקער מיט אַנ איראָנישנ שמייכל אַפ די ליפּנ. אינ „מאָנישנ" איז אינ אַנ עמבריאָנאַלער פאָרמ אײַנגעשלאָסנ געוואָרנ דער כאַראַקטער פונ פּערעצעס שפּעטערדיקנ ליטעראַרישנ סטיל.

די סוזשעט, וואָס ווערט געשילדערט אינ דער פּאָעמע, דער אַנטוראַזש אירער איז א רעליגיעז=מיסטישער. עס פיגורירנ דאָרט סאַמאָעל, לילית, דער גענעמ אונ א פּאַרצײַטיקער אילוי, וואָס האָט זיכ פאַרליבט אינ לילית=מאַריע. מאָניש ווערט „באַ=שטראָפט" פאַר זײַנ זינדיקער ליבע אונ פאַלט אַרײַנ אינ גענעמ. ווי ס'איז צו זענ, באַוועגט זיכ דאָ פּערעצ, ווי אויכ זייער אָפט שפּעטער, אינ רויִמ פונ דער ייִדישער רעליגיעז=מיסטישער קולטור אונ ער רײַסט זי פונ אינעווייניק אופ. די פּאָעמע „מאָניש" איז אַנ אָנגריפ פונ אינעווייניק אַפ דער דאָזיקער קולטור.

די ליבע פונעמ ראָמאַנטישנ העלד מאָניש מיט די „שוואַרצע לאָקנ ווי די נאַכט" צו דער שיינער מאַריענ איז מאַקע אַנ עכטע ליבע פונ אַנ אַסקעטיש=דערצוי=גענעמ שטעטלדיקנ אילוי[1]. דערפאַר איז אַזוי ליריש-רירנדיק זײַנ שווערנ „הייסע ליבע, אַלצ פאַרברענטער אונ פאַרשײַטער" אונ האָט באַקלאָגנ זיכ פאַר דער מוטער:

צי ווייס איכ דענ, מאַמע,
וואָס ס'זינגט דאָרט אינ מיר?
איכ ווייס נאָר, אינ האַרצ איז
גאָר אַנדערש ווי פריר.

אינעמ הויכנ גאַנג פונ דער פּאָעמע רײַסט זיכ אַפ א ראָמאַנטיש=איראָנישנ אויפנ אַרײַנ די שילדערונג פונ דער שטראָף אינ גענעמ, וואַזוי מאָניש „פליט שוינ „פאַר קאָנוואָיעמ" אַפ א בעזעמ אינ דער הויכ".

לאָמפּנ—טויזנט פּעסער סמאָלע,
די רעשאָימ זײַנענ קנויטנ,
ס'גייט אַרומ אַנ עקסטרע=שעדל
מיט א שערל צו די צויטנ.

דער נעמיטלעכ=פּראָזאישער שעדל מיטנ שערל איז באַרופנ אַראָפּצורײַסנ די הייליקײַט פונ דער הימלשער שטראָף. פּערעצעס פּראָטעסט קעגנ דעמ מיטלאַלטער-

1) פּערעצ ווײַזט אָנ אינ זײַנ בוכ „מײַנע זיכרוינעס" אַפנ אויטאָביאָגראַפישנ כאַראַקטער פונ דער

לעבנס־אָפּטימיזם ווערט דירעקט אונטערגעשטראָכן אין דער באַוווּסטער אָפּווענדונג „אַנדערש וואָלט מײַן ליד געקלונגען“:

איך האָב צו אײַך קיין טײַנע־מײַנע,
וואָס די ליבע איז אײַך פרעמד;
ווענום שפּרינגט אַרויס פון פּיאַנע
נ'מיטן יאָט און אָן אַ העמד.

און אַמאָל מיט בלינדע אויגן,
מאָרוועס, נאַקעט, לויפט ער, פליט;
שפּילט זיך מיט אַ פײַלנבויגן —
קען דאָס פּאַסן פאַר אַ ייִד?

יאָ, עס פּאַסט ניט פאַר קיין ייִד, פאַר דעם ייִד, וואָס פון שטענדיקן הונגער, פון באַרגלאָזער עקזיסטענץ און אונטער דער ווירקונג פון דער קלעריקאַלער קנופּיע, האָט ער שוין גאָר פאַרלאָרן דעם טאַם פון אַלע לעבנס־פאַרגעניגנס. דער ראַפּאָרט ווענן מאָגישן, וועלכן דער שער ניט אָפּ סאַמאָעלן, וועט בלײַבן אין אונדזער ליטע־ראַטור ווי אַן אײביקער מאָנומענט פאַרן פאַרצײַטישן ייִדישן שטעטל, ווו עס „פּײַסן די ציגן די העכער פאַר הונגער“:

אין קענינגרײַך פּוילן,
האַרט בײַ דער גרענעץ,
ליגט זיך אַ שטעטעלע
גרויס ווי אַ גענעץ.

. . . . . . . . .

. . . . . . . . .

און שטיל ווי אַ קוואָרעם;
מענטשן ווי מייסים;
קיין געוויע, קיין מײַוועע,
מע לעבט פון מאַנייסים:—
קיין כסידים, קיין דײַטשן —
האָט טוירע אַ קיעם,
עס וואַקסן ראַבאָנים,
מע פּאַשעט אילוים...

די הונגעריקע שטעטעלעך „גרויס ווי אַ גענעץ“ וועט פּערעץ דערנאָך שילדערן אין זײַנע „רײַזע־בילדער“, אין דער „טויטער שטאָט“ אאַ. ווי אַזוי „מע פּאַשעט אילוים“, וועט פּערעץ ווײַזן אין „מעקובאָלים“, אין דעם „מעשוגענעם באַטלען“, אין דער אומנאַטירלעכער הונגעריקער לײַדנשאַפט פון די קלויזניקעס אין דער דראַמע „אין פּאָליש אַפ דער קייט“.

אינעם אוטאָביאָגראפישנ בוכ „מײַנע זיכרוינעס“ כאראקטעריזירט פּערעצ די הויפּט-צילנ פונ זײַנ שאפנ אפ אזא אויפנ:

„פּראָבלעמענ אונ קאָנטראסטנ—דאָס זײַנענ די צוויי וואלצנ, אפ וועלכע עס וועלנ זיכ וויקלענ אלע מײַנע שריפטשטעלערישע יעדיעס... עטישע קאָנטראסטנ-בילדער.— טרויעריקע דעקאדאנסנ פונ באסידיזמוס, כורוועס פונ וועלט-אָנשויונגנ, דראמענ אונ טראגעדיענ מער אינ ברענענדיקע אָדער זיכ לעשנדיקע געהירנ...“ („מײַנע זיכרוינעס“, אויסגאבע פונ ב. קלעצקינ, ז. 109).

אינ „מאָנישנ“ זײַנענ שוינ דאָ די אלע עלעמענטנ, וועלכע דער שרײַבער מערקט אליינ אזוי טרעפלעכ אָנ. מאָנישעס ליבע איז דער קראכ פונ א וועלט-אָנשויונג. דער פײַנלעכער פּראָצעס פונ באהעפטנ זיכ צו א נײַער קולטור, צו א נײַעם וועלט-באנעם. אונ דאָס אלצ איז געגעבנ מאקע מיט קאָנטראסטנ-בילדער, מיט איבערגאנגענ פונ רעאליסטישער באשרײַבונג צו ראָמאנטיש דערהויבענע רייד, פונ ראָמאנטיק צו שפּאס אונ צו טיפיש הייניש כויזעק איבער דעם פונ זיכ אליינ פארהערלעכטנ. דאָ איז ווי אינ א טראָפּנ וואסער אָפּגעשפּיגלט פּערעצ דער קינסטלער.

3

פּערעצ איז בא זײַנ גאנצער פילזשאנערדיקײַט דאָכ פארבליבנ אינ אונדזער ליטעראטור דעריקער ווי דער מײַסטער פונ דער נאָוועלע. די נאָוועלע איז דער צענטראלער, פירנדיקער זשאנר אינ זײַנ שאפנ. צוזאמענ מיט שאָלעם-אלייכעמענ איז פּערעצ דער גרונטלייגער פונ דער יידישער נאָוועלע. ס'איז מערקווירדיק, וואזוי פּערעצ, דער ניט שטאנדהאפטיקער פּערעצ, וואָס איז אזוי גענייגט צו פארשיידענע ווירקונגענ, בלײַבט אומעטום אויסגעשפּראָכנ אינדיווידועל. אונ די דאָזיקע אויסגעשפּראָכענע אינדיווידועלקײַט פּערעצעס פילט זיכ אויכ אינ זײַנ נאָוועלע.

אינ 1890-טנ יאָר גיט דינעזאָנ ארויס פּערעצעס ערשט ביכל פּראָזע אונטערנ טיטל „באקענטע בילדער“, וווּ ס'גייענ שוינ ארײַנ אזעלכע רייפע זאכנ, ווי „דער מעשולעכ“ אונ „דער מעשוגענער באטלענ“, ד. ה., אז צום סאָפ 80-ער, אָנהייב 90-ער יאָרנ טרעט שוינ פּערעצ ארויס, ווי א גלענצנדיקער נאָוועליסט, ווי א אבסאָליוט רייפער פּראָזאיקער. אינ דער זעלבער צײַט אנערעכ, אינעם זעלבנ 1890-טנ יאָר, ווענ עס דערשײַנענ די „באקענטע בילדער“, באטייליקט זיכ פּערעצ אינ דער סטאטיסטישער עקספּעדיציע איבער די פּוילישע שטעטלעכ, אָרגאניזירט פונעם פילאנטראָפּ יאנ בליאָכ מיטנ ציל אויסצופאָרשנ די עקאָנאָמישע לאגע פונ די יידנ. די רײַזע איבער די שטעטלעכ מאכט אפ פּערעצנ א דערשיטערנדיקנ אײַנדרוק. ער קענ זיכ ניט באגנוגענ מיט צושיקנ ריינ אָפיציעלע סטאטיסטישע יעדיעס אינ דער עקספּעדיציע-ביוראָ. ער זעט פאר זיכ לעבעדיקע מענטשנ מיט אומגעהייערע לײַדנ אונ פּײַנ, אונ עס וואקסט בא אים פונ דער דאָזיקער רײַזע ארויס דער ציקל פארצייכענונגענ „רײַזע-בילדער“, געדרוקט צום ערשטנ מאָל אינ פּערעצעס „יידישער ביבליאָטעק“ (1891) אונטערנ טיטל „בילדער פונ א פּראָווינצ-רײַזע אינ טאָמאשאָווער פּאָוויאט אומ 1890 יאָר“.

די „רײַזע-בילדער“ האָט פּערעצ „געווידמעט די, וואָס האָבנ געוואָלט, נאָר ליידער ניט געקאָנט העלפנ“, אונ דאָס גאנצע ווערק שטעלט מאקע מיט זיכ פאָר א

געשריי נאָכ הילפ. דאָס שטעטל זעט בײַ פערעצנ אויס גאָר אַנדערש, ווי בײַ זײַנ פאָרגייער מענדעלענ אָדער שפעטער בײַ שאָלעמ-אַלייכעמענ. אויב בײַ מענדעלענ זעענ מיר דאָס פאַטריאַרכאַלע, אומבאַוועגלעכע, דעריקער פאַרקאַפיטאַליסטישע שטעטל און בײַ שאָלעמ-אַלייכעמענ זעענ מיר דאָס זעלבע שטעטל אינ באַוועגונג, אינ דער „גרויסער בעהאָלע", איז בײַ פערעצנ דאָס שטעטל א פוסטקע, עס איז שוינ דאָרט נאָכ אַלעמענ. ס'איז שוינ, אײַנגעטלעכ, ניטאָ אַפילע קיינ קיבעצ, עס זײַנענ דאָ בלויז אומגליקלעכע באָדנלאָזע יעבידימ. ס'איז ניטאָ אַפילע קיינ אָנדײַטונג אפ שאָלעמ-אַלייכעמס פריילעכ-טרויעריקנ נעמיט. פאַרקערט, ס'איז אומהיימלעכ און גרויליק. באָדנלאָזיקײַט, קאַפצאָנישער פאַראַזיטיזמ, אָפגעלאָזנקײַט און אַטראָפירטקײַט פונ באַדערפענישנ, ווײַל „וואָס דאַרפ א ייִדענע?"—דאָס איז דאָס בילד פונעמ שטעטל. און איז שוינ יאָ פאַראַנ א באַלמעלאָכע אינ שטעטל, א יונגע קאַפאַזמניק, האָט ער ניט קיינ באַשטעלער. ער איז אַרבעטסלאָז און מוז עמיגרירנ קיינ לאָנדאָנ, כאָטש ער האָט ליב זײַנ היימלאַנד, דעמ טײַכ און דעמ וואַלד.

פערעצ שילדערט די פאַופעריזירונג פונעמ שטעטל זייער אַנטבלויזט, אומבעראַכמאָנעסדיק, אָנ קיינ שום ארויסקוק אפנ אמאָל, אָנ קיינ שום אידעאַליזאַציע פונ אָפגעשטאָרבענע לעבנס-פאָרמענ, אָנ קיינ שום פאַרלאַנג עפעס צו פאַרהיטנ, פאַרקאָנסערווירנ. ער קוקט אפנ שטעטל מיט א ניכטערנ אויג פונ א שטאָטישנ מענטשנ פונ סאָפ 19-טנ י.ה. עפשער אַפילע, ווי א זײַטיקער און קומט צומ אויספיר, אַז די לאַגע איז אויסוועגלאָז.

פערעצ זוכט ניט קיינ אינטימקײַט, ער שמייכלט ניט, ער זוכט ניט קיינ טרייסט. פערעצ גייט צו צו דעמ שטעטל מיט א מעסער פונ אַנ אַנאַליטיקער. ער עפנט בלאָטערס, בלוט-טריפנדיקע וואונדנ אינ זייער גאַנצער אַנטבלויזטקײַט און שוינ דאָ, אינעמ זשאַנר פונ פאַרצייכענונג, פונ פראַגמענטאַרע רײַזע-באַשרײַבונגענ אַנטפלעקט זיכ אינ דער גאַנצער שאַרפקײַט פערעצעס שטאַרק קאָנדענסירטע, שאַרפע, טיילמאָל בייזע בילדערישקײַט:

„ארומ הײַזער שטייענ שוינ רעדלעכ געלע ווײַבער, זיי האַלטנ זיכ צו מיט די „אָפגעקאָסענע נעגל" די ברודיקע שאַלנ איבער די אומגעוואַשענע קעפ און מיט בלאַסע ליפנ פאַקרעכצנ זיי און באַווייזנ דאָס הויז" („רײַזע-בילדער"—„דער גיטרעפ").

„דאָב שטייענ מאַנכע הײַזלעכ שטאָק-בלינד. דאָרט גייט א שטיקל טרוקנ ברויט מיט אָדער אָנ א הערינג און עפשער קרישמע יאָ וועטשערע... אינ אייגעמ פונ די הײַזלעכ מוז שטייג די אַלמאָנע, וואָס דאַרפ אַזוי ווייניק, און קלאַפנ זיכ אינ דאַרנ האַרצ-ברעטל אַרײַנ בײַ דער לאַנגער ווידוי. עפשער מעסט זי זיכ אָנ אירע טאַכריכימ... דערמאָנט זיכ אינ אַמאָליקנ, מיט א גאָלדענעמ פאַס באַזוימטנ כופע-קלייד און פונ די אַלטע אויגנ קאַפעט אַראָפ א טרער, און זי שמייכלט דערבײַ אַרײַנ אינ דער פינצטערער נאַכט,—וואָס דאַרפ א ייִדענע?" („רײַזע-בילדער"—„א יונגעלע").

אָט אַזאַ איז דאָס בילד פונעמ שטעטל בײַ פערעצנ, געבויט דורכויס אפ קאָנטראַסטנ: „אָפגעקאָסענע נעגל"—אומגעוואַשענע קעפ, א טרער פונ אַלטע אויגנ באַמ אָנמעסטנ זיכ טאַכריכימ און א שמייכל אינ דער פינצטערער נאַכט איבערנ גאָלדענעמ פאַס פונעמ כופע-קלייד. דאָס גאַנצע ווערק איז געשריבנ אינ דער פאָרמ

פונ אימפּרעסיאָניסטיש-גראָטעסקישע פאַרצייכענונגענ, ווו דער אויסערלעכער איינדרוק און די דעטאַל שפּילנ זייער אַ גרויסע ראָל. דאָס שטעטל אנטשטייט פאַרנ לייענער אינ דער פאָרמ פונ אַ ווייסנ באַרג, וואָס עס ווייזט זיכ אַרויס פונ דער נאָענט, אַז דאָס איז דער שטעטלשער קיכעצ פונ ווייסע ציגנ. די פאַרלאָזטקייט, די פוסטקייט פונ שטעטל כאַראַקטעריזירט אַ גרויס הילצערנ מעשונגע הויז, וואָס האָט ניט ווער עס זאָל אימ באַוווינענ, ווייל קיינער וויל עס ניט באַהייצנ, און פונ דער צווייטער זייט ווערט געשילדערט אַ פוסט אָרט צווישנ די הייזער נומ. 41 און 43, ווייל דער נומ. 42, וועלכער איז באַוווינט געווענ פונ אַ גרויסער פאַמיליע, איז צעוואָרפנ געוואָרנ איבער אַ מאַכלויקעס. הינטער דעמ נומ. 42 איז פאַרבאָרגנ אַ גרויסע מענטשלעכע טראַגעדיע, אַנ אומקומ איבער הונגער און עלנט. אַ בילד פונ פאַרהעלטענישמעסיקנ „ווילשטאַנד“ ווערט געגעבנ דורכ דער אויסשטאַטונג פונ אַ פאַרשלאָסענעמ צימער. דאָס דאָזיקע צימער ווערט באַטראַכט פונ אויסנ, דורכנ פענצטער. ווענ דער באַלעבאָסטע פונעמ צימער ווערט מענ פאַרבייגייענדיק געוואָר, אַז זי געפינט זיכ ערגעצ אינ די סוויוועס, ווו זי קלייבט געראָטעוועס צוזאַמענ מיט אירע אַלע דריי קינדער, אַזוי, אַז דאָס בילד פונעמ ווילשטאַנד ווערט דאָ מיטשערהאַפּט אָראָפּגעריסנ און דאָס שטרייכט בלויז אונטער דעמ זייער נידעריקנ לעבנס-ניוואָ פונעמ גאַנצנ שטעטל.

אינ די „רייזע-בילדער“ באַוועגנ זיכ ניט קיינ מענטשנ, נאָר געשפּענסטער. ס'איז ניט קיינ ווירקלעכ לעבנ. דער שטעטלדיקער מאַסקל איז אַ מינ ווילדע פאַרזעניש, אַ מעשונעדיקע נאָכקרימעניש פונ דער האַסקאָלע; דער „מאָסער“ איז אַנ אומגליקלעכער מענטש, וועלכער האָט נאָר קיינעמ אָפּ זיינ לעבנ ניט פאַרמאַסערט, און דער „מעשוגענער“, וואָס קרייט, ווי אַ האָנ, איז מער באַמ פאַרשטאַנד, ווי די אַרומיקע קלאָרע. ער קומט אַליינ בעטנ פאַרשרייבנ אימ און דערציילט אויספירלעכ וועגנ זיינ מעשוגאַס. דער „מאָסער“ און דער „מעשוגענער“ זיינענ פונקט אַזוי ניט ווירקלעכ, ווי דער לאַמעדוואָווניק, וואָס מע קענ בעשומויפנ ניט דערגיינ, מיט וואָס איז ער, אייגנטלעכ, אַ לאַמעדוואָווניק.

דאָס שטעטל איז פול מיט אָבערגלויבנ, אָפּגעשטאַנענקייט, איליוזאָרישע אויסטראַכטענישנ. דערפאַר איז אַזוי נאַטירלעכ דעמ שרייבערס אויסרופ, ווענ ער פאַלט אַריינ אינ אַ ניי שטעטל נאָכנ שמועס מיטנ „מעשוגענעמ“:

„איכ וויל דאָס שטעטל נישט אָרופנ באַמ נאָמענ. נאָר נאָכ איינעמ אַזוינס ווענ איכ טרעפ אַפנ וועג, וואָלט איכ אויכ אָנגעהויבנ קרייענ“. („רייזע-בילדער“— „בלאַנקעטנ“).

מיט די „רייזע-בילדער“ ווערט, אייגנטלעכ, אויסגעשעפּט פּערעצעס אינטערעס צו דעמ שטעטל אַנ און פאַר זיכ. דאָס שטעטל איז קיינמאָל, אינ אונטערשייד צו מענדעלענ און שאָלעמ-אַלייכעמענ, ניט געשטאַנענ אינ צענטער פונ פּערעצעס אויפמערקזאַמקייט. פּערעצ האָט דער ערשטער אַריינגעטראָגנ אינ דער ייִדישער פּראָזע עכט-שטאָטישע מאָטיוונ, סיי אינ דער שילדערונג פונעמ שטייגער, סיי אינ דעמ ברייטנ קרייז פּראָבלעמענ, וואָס האָט גערעגט די אייראָפּעישע און רוסישע שרייבער אַפנ שוועל פונעמ 20-טנ י.ה. שאָלעמ-אַלייכעמ איז ענג פאַרבונדנ מיט די ליטעראַרישע טראַדיציעס פונעמ 19-טנ י.ה. ניט געקוקט דערויפ, וואָס אינ זיינ שאַפנ האָבנ

געפונענ אנ אָפּשפּיגלונג דערשײַנונגענ פונ דער אימפּעריאַליסטישער עפּאָכע. פּערעצ, פאַרקערט, געהערט דעריקער צומ צוואַנציקסטנ יאָרהונדערט מיט אַלע זײַנע מעלעס אונ בעסרוינגעס, מיט די ראַשיקע טעמפּנ, מיט דער געפּרעסטקײַט פונ פאָרמענ, מיט די אויסדרוק-מיטלענ, אָבער אויכ מיטנ צעבראָכענעמ געמיט, מיט די שטענדיקע נעשאָמע-פּײַניקונגענ, וואָס דאָס אַלצ האָט אַזוי אָפט געצווּנגענ א באַשטימטנ טײל פונ דער בירגערלעכער אינטעליגענצ איז די אָרעמס פונ רעאַקציע, צו קאַלערלײ מאָדערניסטישע אונ דעקאַדענטישע ליטעראַרישע שיטעס. אָב פּערעצנ האָט אָבער אויכ געווירקט די קראַפט פונ דער רעוואָלוציע, אונ ס'האָט אינ אימ אויכ געלעבט דער שטענדיקער אומרו, דער פאָרנעפּיל פונ גרויסע סאָציאַלע שלאַכטנ, ווי דאָס איז געווענ צו באַמערקנ בײַ אַזעלכע רוסישע שרײַבער, ווי אַלעקסאַנדער בלאָק.

4

טײלנ פּערעצעס שאַפנ אָפּ א רעאַליסטישנ אונ אָפּ א ראָמאַנטישנ פּעריאָד קענ מענ בלויז באַדינגלעכ. אַלנפאַלס, לאָזט זיכ זאָגנ, אַז פונ סאָפ 80-ער יאָרנ, ד.ה., זינט פּערעצ איז אַרויסגעטראָטנ אינ דער יידישער ליטעראַטור, ביזנ סאָפ 90-ער יאָרנ איז דער פירנדיקער סטיל-עלעמענט אינ זײַנ שאַפנ דער רעאַליזמ אונ פונ סאָפ 90-ער יאָרנ הייבט בײַ פּערעצנ אָנ איבערוועגנ דער ראָמאַנטישער שטראָמ. א ראָמאַנטיקער איז אָבער פּערעצ געווענ שטענדיק, פונ די ערשטע טריט פונ זײַנ שאַפנ, אָפּ וואָס מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ בײַמ אַנאַליזירנ די פּאָעמע „מאָניש“.

דער רעאַליזמ אונ דער ראָמאַנטיזמ האָבנ מיטגעלעבט בײַ פּערעצנ פונ די 80-ער—90-ער יאָרנ זייער אָהנאַניש, ניט ווידערשפּרעכנדיק אײנער דעמ אַנדערנ: „דער בעל-מער מעלאַמעד“ אונ „דער מאָנעס“, „מענדל ברײַנעס“ אונ „ס'הערצל צאַפּלט“, „בײַ דעמ פּרעמדנ כופּע-קלײד“ אונ „דעמ רעבנס ציביק“ אאַוו. נאָכ מער, באַזונדערע דערצײלונגענ פּערעצעס זײַנענ געבויט אינ א ראָמאַנטיש-רעאַליסטישנ פּלאַנ, ווײַל, ווי, אײגנטלעכ, דאַרפ מענ פאַרשטײנ „באָנטשע שווײַג“, ווי א רעאַליסטישע אָדער ראָמאַנטישע דערצײלונג? פונ דעמ שטאַנדפּונקט זײַנענ זייער אינטערעסאַנט פּערעצעס „קלאָצ-געשיכטנ“, וווּ ס'ווערנ געשילדערט גאַנצ רעאַלע איבערלעבונגענ אונ לײדנשאַפטנ, אונ דאָכ לעבט האָ אַנ אײגנאַרטיק לעבנ אויכ דאָס ניט-רעאַלע:

„אינ מיטנ מאַרק ליגט אײנ אַלטער, פוילער קלאָצ...

דוכט זיכ, טויט ווי אַלע טויטע, אונ דאָכ, אינ א שטילער זומער-נאַכט, ווענ אַלצ אַרומ איז פאַרזונקענ אינ טיפנ שלאָפ, ווענ לעוואָנע אונ שטערנ דרימלענ אונטער א לײַכטנ זילבער-נעפּל, וועקט זיכ אינ מיר אופ דער אַלטער קישעפמאַכער...
„האָקוס-פּאָקוס!“—דער קלאָצ לעבט!“ („קלאָצ-געשיכטנ“).

אָט טאַקע ווי דורכ א קישעפ („האָקוס-פּאָקוס!“) שאַפט פּערעצ ווונדערלעכע, זייער פאַרשײדנאַרטיקע געשטאַלטנ, בילדער, זעונגענ, וועלכע רעגנ אומופהערלעכ דעמ געדאַנק אונ דאָס געפיל פונעמ לײענער אונ לאָזנ אימ זיכ ניט באַרויקנ. דער קרײַז פּראָבלעמענ, וועלכע ווערנ געשטעלט אינ פּערעצעס ווערק פונ די 90-ער יאָרנ, איז פּונקט אַזוי ברייט, ווי דער שלאָל פאָרמענ, אינ וועלכע זיי ווערנ פאַרקערפּערט.

פאראזיטיזמ פונ גויט, באטלאָנעס, די מאכט פונ דער רעליגיע, פארשקלאפונג פונ דער פרוי, אסקעטיזמ, האלבנאָעריקײט, מאָדערנע קאפּיטאליסטישע פאָרמענ פונ עקספּלואטאציע—אָט די אלע לעבנס-דערשײַנונגענ האָבנ גערעגט פּערעצנ. אימ האָט גערעגט דער גאנצער ווידעראנאנד פונ סאָציאלע אומרעכט אינ דער עפּאָכע, ווענ דער קאפּיטאליזמ אינ רוסלאנד מאכט דורכ א ראשע אנטוויקלונג, ווענ עס הײבט זיכ אָנ אויפבילדנ אנ ארבעטער-באוועגונג אונ אײנצײַטיק דערמיט ווערנ איבערהויפט אינ דער ייִדישער סוויווע, פארהיט עלעמענטנ פונ מיטלאלטערלעכ-פעאָדאלע באציונגענ. אונ פּערעצ ווענדט אָנ זײַנ גאנצנ האס קעגנ דעמ ייִדישנ מיטלאלטער, וואָס האָט געהאלטנ די פאָלקס-מאסנ אינ דער קלעמ פונ מוירעדיקער גויט, אָפּגעשטאנענקײט, ניט געגעבנ קײנ מעגלעכקײט צו פארנעמענ זיכ מיט פּראָדוקטיווער ארבעט, געשטיקט יעדנ פרײַענ געדאנק אונ געהאלטנ די פערזענלעכקײט אינ דער פולסטער אָפּהענגיקײט פונ דעמ קלעריקאלנ דרוק.

באנאנד אָבער מיטנ אָפּלײקענונג-פּאטאָס גײט בא פּערעצנ אויכ די באשטעטיקונג. מיט גרויס ליבע שילדערט פּערעצ פאָלקס-מענטשנ מיט זײער אופריכטיקער טמימעסדיקער ליבע, מיט זײערע אײדעלע מענטשלעכע געפילנ, מיט דער אינערלעכער דערהויבנקײט פונ דער נעשאָמע. באזונדערס דארפנ דאָ אויסגעטײלט ווערנ די פרויענ-געשטאלטנ, וואָס אָהער זײ לײַדנ שטיל אונ דער גלויבנ אינ יענער וועלט לאָזט זײ ניט זיכ ארויסרײַסנ פונ זײער באגרענעצטקײט („מענדל ברײַנעס" א.אנד.), אָדער, פארקערט, זײ פּראָטעסטירנ שטורמיש אונ זײַנענ גרײט צוליב אײנ רעגע באפרײַונג מיט אנ אויסבראָכ פונ צאָרנ אונ הילפלאָזנ פּראָטעסט צו פארלירנ אי די וועלט, אי יענע וועלט („א קאָס פונ א ייִדענע", „מוסער" א.אנד.). נאָר אפילע דאנ, ווענ די געשילדערטע פונ פּערעצנ פערזענלעכקײט איז פּאסיוו, ווענ זי נעמט אָנ פאר גוט איר אײגענע פּײַנ, איבערראשט זי אונדז דאָכ מיט דער דערהויבנקײט פונ לײַדנ, מיט דער גרויסער אײדלקײט פונ געפילנ, מיט דער גרײטקײט שטענדיק צו אָפּפערנ זיכ פאר די נאָענטסטע אונ טײַערסטע.

פּערעצעס דערצײלונגענ עטעמענ מיט גרויסער אכטונג צו דעמ געפּײַניקטנ, צו די שטילע טויבנ, אײדעלע נעשאָמעס, אומשולדיקע פײגעלעכ, וועלכע ווערנ דערשטיקט פונ דער „פרומער קאצ", וועלכע קענענ ניט עטעמענ מיט קאצנ-לופט („א פארשמערטער שאבעס", „אינ פּאָסט-וואָגנ"). ס'איז אָבער בא פּערעצנ אינ זײַנ ערשטנ פּעריאָד ניטאָ די אידעאליזאציע פונ לײַדנ, דער אָרעאָל, וועלכנ אײניקע שרײַבער האָבנ געשאפנ ארומ די לײַדנ אנ אונ פאר זיכ, ווי דאָסטאָיעווסקי אינ דער רוסישער ליטעראטור, די אידעאליזאציע פונ לײַדנ, קעגנ וועלכער ס'האָט שטענדיק פּראָטעסטירט גאָרקי. פּערעצ איז דאָ, פארקערט, ביז גאָר קעמפעריש. זײַנ גרויסע אכטונג פארנ לײַדנדיקנ פאָלק באוועגט אימ צו קעמפנ קעגנ זײַנ פּאסיווקײט. פּערעצ האָט געשאפנ די וואונדערבארע געשטאלט פונ „באָנטשע שווײַג", אינ וועלכער ס'איז סימוואָליזירט געוואָרנ די דוירעסדיקע אונטערדריקונג פונ די, וועמעס לעבנ אונ טויט מאכט א קנאפנ רוישעמ אפ דער וועלט, וועלכע זײַנענ פיל, ווי די זעמדלעכ אפנ ברעג יאמ. דער ייִדישער באָנטשע שווײַג איז א לײַבלעכער ברודער פונ דעמ רוסישנ „גרויענ פויערל", פונ דעמ שפּעטערדיקנ אײראָפּײַישנ „אומבאוווסטנ סאָלדאט", אפ וועמעס קיווער האָט די בורזשואזיע גע-

שטעלט דענקמעלער פאר זײנע טרײע דינער, נאָכדעמ, ווי זי אַלײנ האָט פינקטלעכ אויסגערעכנט אירע פּראָפיטנ פונ דער מילכאָמע. אונ פונקט ווי די בעסערע מענטשנ פונעמ רוסישנ פאָלק האָבנ געשטרעבט אויסצוװאָרצלענ באַמ „גרויענ פויערל” די אינ מעשעכ פונ דורעס דערצויגענע אינ אימ האַכנאָעדיקײט, אזוי איז אויכ פערעצ ארויסגעטראָטנ קעגנ דער האַכנאָעדיקער שװײגעוודיקײט פונ באָנטשע שװײג. בא דער גאנצער פארהערלעכונג פונ באָנטשעס אײדעלער פארפײניקטער געשאָמע איז דאָכ פאראנ אויכ דער ביזאָיענ פאר זײנ האַכנאָע. ס'איז א ווײ-געשרײ קעגנ דעמ האלב-פאיעשנ צושטאנד, קעגנ דער אָפּגעשטאנענקײט אונ אטראָפירטקײט פונ כושימ, צו וועלכער די מאכט-האָבער האָבנ, ווירקלעכ, דערפירט א באשטימטנ טײל פונ די פאָלקס-מאסנ, ס'איז א שארפער פּראָטעסט קעגנ דער האַכנאָעדיקײט אונ אונטערטעניקײט, קעגנ דער קלײנער האָפענונג פונ „א פרישער בולקע מיט פוטער”.

ווי א קאָנטראסט צו באָנטשע שװײג שאפט מאקע פערעצ די געשטאלט פונ בערל קאָלבאס („דאָס שטרײמל”), וועלכער איז שוינ גאָר ניט קײנ שװײגעוודיקער. ס'איז א מענטש, וועלכער האָט זיכ אָנגעלײגט אינ זײנ לעבנ עפּשער ניט ווײניקער פונ באָנטשע שװײג, ער פארמאָגט אָבער א שטאָלצע, פּראָטעסטירנדיקע נאטור, אונ ער ווײסט שוינ פינקטלעכ, קעגנ וועמענ צו פּראָטעסטירנ. בערל קאָלבאס דער באַלמעלאָכע איז אנ אָפּשפּעטער, פול מיט פאָלקס-כאָכמע אונ מיט גאַליקײט. ער ווײס, אז זײנע אונטערהדריקער זײנענ דער גוויר אונ דער ראָוו. נאָכ מער, ער ווײס שוינ, אז זײנ גורל איז פארבונדנ מיטנ גורל פונעמ אונטערדריקטנ פויער, אז דער פּאָרעצ פארפאָלגט דעמ פויער ניט ווײניקער, ווי עס פארפאָלגנ אימ דער גוויר אונ די „גאָטס סטראַפּטשעס”.

מיט אזעלכע קאָנטראסטירנדיקע בילדער אונ געשטאלטנ וועלנ מיר זיכ באגעגענענ אינ פערעצעס ווערק פונ די 90-ער יאָרנ אפ שריט אונ טריט: די פארפײניקטע פרוי פונ „מענדל ברײנעס” אונ די צאָרנדיקע „אישע” פונ „א קאעס פונ א יידענע”, די האַכנאָעדיקע מיריאמ פונ „א פארשטערטער שאבעס” אונ די פּראָטעסטירנדיקע „האָישאָ מאָראס כאנע”. אײניקע ווערק פערעצעס זײנענ אינגאנצנ געבויט אפ אזעלכע קאָנטראסטנ, ווי „מוסער”, דער אײנאקטער „שוועסטער” א. אנד.

דער קאָנטראסט איז, ווירקלעכ, אײנער פונ פערעצעס באליבטסטע קינסטלערישע מיטלענ, דערבײ איז עס ניט פּאָשעט א פּובליציסטישער קאָנטראסט. נײנ, בא פערעצנ קאָנטראסטירנ פּראָבלעמענ, אידײענ, מענטשלעכע געשטאלטנ, לײדנשאפטנ,—אונ דאָס אלצ אינ אנ עכט-קינסטלערישער פאָרמ. אונ ווענ דער פּאָנ פונ דער האנדלונג איז שוינ גאָר גרוי אונ אײנטאָניק, קומט א באשטימטע דעטאל, וועלכע באהעלט דעמ גרויענ פּאָנ, קומט א בינטל ליכטיקע שטראלנ, וואָס קאָנטראסטירט מיט דער פינצטערניש. אָט איז א פינצטערע קעלער-שטוב, ווו ס'לעבנ די סאמע אומגליקלעכע, די סאמע אָפּגעשטויסענע, ווו אויסגעמוטשעטע מענטשנ קעמפנ פאראקשנט פאר זײער עקזיסטענצ אונ עס בלײבט שוינ, דאכט זיכ, ניט קײנ אָרט פאר אידעאלע געפילנ אינ די דאָזיקע פארפײניקטע הערצער. רײסט זיכ אָבער דורכ א שטראל ליכט פונ הינטער א שפּאנישנ ווענטל, ווו ס'לעבט א יונג פּאָרפאָלק,

אונ הינטער דעמ דאָזיקנ שפּאַנישנ וואַנטל געפינט זיכ אַנ אָאַזיס פונ שיינער מענטשלעכער ליבע („אינ קעלער-שטוב"). דאָס זעלבע זעענ מיר אויכ אינ דער דערציילונג „שאָלעמ-באַזימ": אינעמ קליינעמ פענצטערל, וואָס געפינט זיכ אונטערנ סאַמע דאַכ, ווײַזט זיכ יעדעס מאָל כאַנעס שײַנענדיק ליב פּנעמ.

די דאָזיקע קאָנטראַסטנ זײַנענ בײַ פּערעצנ ניט קײנ קינסטלעריש מיטל אַנ אונ פאַר זיכ. דאָס זײַנענ טיפע לעבנס-קאָנטראַסטנ, וואָס זײַנענ אויפגעכאַפּט געוואָרנ פונעמ קינסטלערישנ אויג אונ אויסגעלײַטערט געוואָרנ אינעמ האַרצ פונ א הומאַניסט. דער שרײַבער האָט געזוכט אינ די סאַמע געדיכטענישנ פונ די פאָלקס-מאַסנ, אינ די קעלער-שטיבער די ליכטיקע פּערזענלעכקײטנ אונ האָט זײ געפונענ. אינ דער זעלבער צײַט ווערט די בורזשואַזיע פונ פּערעצנ געשילדערט א פּוסטע, אויסגעליידיקטע, אָנ קײנ שומ לעבעדיקע געפילנ, שויג אָפּגערעדט פונ אידעאַלנ, אַנ איבערגעזעטיקטע פונ די פיל צוטריטלעכע פאַר איר לעבנס-פאַרגעניגנס.

פּערעצעס שאַפנ איז אינ די 90-ער יאָרנ ביז גאָר צילגעווענדט. ער שטורעמט פונ אַלע זײַטנ די פעסטונגענ פונעמ ייִדישנ מיטלאַלטער, אונ אײנער פונ די זײַלנ פונעמ דאָזיקנ מיטלאַלטער איז זיכער געווענ די ראַבאָנישע בעסמעדרעש-קולטור מיטנ כאַראַקטעריסטישנ פאַר איר אַסקעטיזמ. דער קאַמפ קעגנ אַסקעטיזמ אינ דער ייִדישער סוויווע האָט פאַרנומענ א גרויס אָרט אינעמ שאַפנ פונ אַלע דרײַ קלאַסיקער פונ דער ייִדישער ליטעראַטור — בײַ מענדעלענ, פּערעצנ אונ שאָלעמ-אַלײכעמענ, בײַ יעדערנ אַפ א באַזונדערנ אויפנ, סײַ דירעקט, סײַ אומדירעקט. אומ-דירעקט דערפאַר, וואָס יעדער לעבנס-באַשטעטיקנדיקער עלעמענט אינעמ שאַפנ פונ אונדזערע גרויסע שרײַבער פונעמ 19-טנ יאָרהונדערט האָט שוינ באַטײַט אַנ אַרויסטרעטונג קעגנ אַסקעטיזמ.

צי איז דענ שאָלעמ-אַלײכעמס געלעכטער אַנ אונ פאַר זיכ, דער געלעכטער, וואָס האָט, ניט געקוקט אַפ זײַנ טראַגישנ אינהאַלט, דאָכ געשפּרודלט מיט פאָלקס-פרײד, ניט געקלונגענ, ווי אַנ אַרויסרופ דער גאַנצער שוואַרצער קנופּיע פונ בעס-מעדרעש אונ קלויז אונ דעמ „אײביקנ" ייִדישנ טרויער? דאָס זעלבע קענ אויכ געזאָגט ווערנ בענוגע צו אַלע קינדער-געשטאַלטנ שאָלעמ-אַלײכעמס, וואָס זײער עקזיסטענצ אַלײנ רופט צו זונ אונ לעבנ. מענדעלעס שילדערונג פונ האַלעמ, באַטלאָנעס, פּאַראַזיטיזמ איז אויכ געווענ געווענדט קעגנ דעמ אַסקעטיזמ, וואָס קומט אינ רעזולטאַט פונ אָרעמקײט, פונ אַטראָפירטקײט פונ באַדערפענישנ, פונ א נידעריקנ לעבנס-ניוואָ.

אינ פּערעצעס ווערק פאַרנעמט אויכ א גרויס אָרט די שילדערונג פונעמ אַסקעטיזמ פונ נויט („וואָס האָרפ א ייִדענע", „דער מעשולעכ" אאַוו.). „באָנטשע שווײַג" איז דאָכ, אײגנטלעכ, דער העכסטער קינסטלערישער אויסדרוק פונ דער דאָזיקער פּראָבלעמ. פּערעצ טרעט אַרויס קעגנ דער סאַמע אידײ פונ מיטלאַלטערלעכנ אַסקעטיזמ, קעגנ דער שטרענגקײט, האַרבקײט אונ אומענטשלעכקײט פונ דער מיטלאַלטערלעכ-ראַבאָנישער קולטור.

דער אָנגריפ אַפ דעמ דאָזיקנ אַסקעטיזמ גײט בײַ פּערעצנ אַפ זײער א ברײטנ אויפנ: די שעדלעכע ווירקונג פונ די רעליגיעזע געזעצנ איז מיט א דערשיטערנדיקער קראַפט פונ רעאַליזמ געשילדערט געוואָרנ פונ פּערעצנ אינ א גאַנצער רײ

שטיינער-דערציילונגנ, ווי „א קאפ פונ א יִדענע“, „א פארשטערטער שאבעס“ א.אנד. אינ א ראָמאנטישער פאָרמ פירט פערעצ דעמ אָנגריפ אינ דער פּאָעמע „מאָניש“, ווי א פרייליכער פאָלקס-שפאס זעט אויס זײַנ אָנגריפ אינ „בעלמער מעלאמעד“, „איבער א שמעק טאבעק“. פערעצ גיט אונדז א גאנצע גאלעריי געשטאלטנ פונ קלויזניקעס, אָרעמע-באָכערימ, מענטשנ, וואָס האָבנ פארשפּילט זייער קינדהייט אינ יוגנט אינ ווילדער פּילפּוליסטיק, אינ נוצלאָזע אבסטראקציעס. די שפיל פונ יונגע קויכעס, דער קאמפ פונ יונגער ענערגיע קעגנ דעמ לעבנ פונ פוסט-אונ-פּאס, קעגנ דער זעלבסטפּײַניקונג, קעגנ דער אָפּטויטונג פונ די אייגענע געפילנ אונ לײַדנשאפטנ רעגט פערעצנ דעמ קינסטלער. אינ פיל ווערק פערעצעס הערט זיכ מאמעש דער ווײ-געשריי פונ פארפּײַניקטע הינטערנ בעסמעדרעש-אויוונ, די וויינענ פונעמ מענטשלעכנ לײַב, וואָס בענקט נאָכ פּאָשעטע ערדישע פרייד (...„דער מעשוגענער באטלענ“, „מעקובאָלימ“ אונ שפּעטער—„אינ פּאָליש אפ דער קייט“, „באנאכט אפנ אלטנ מארק“ אאַז.).

„דער מעשוגענער באטלענ“ אונ „מעקובאָלימ“ שטעלנ מיט זיכ פאָר סאציוועס איבער דער אלטער יִדישער רעליגיעז-מיסטישער קולטור מיט איר אפּאָלאָגיע פונ זעלבסטפּײַניקונג. אינעמ מעשוגענעמ באטלענ האָט דער גאָרנישט, דער באטלענ נאָכ ניט באוויזנ ענדגילטיק אײַנצושלינגענ דעמ מענטש אונ דערפאר טאקע פירט בערל באנצעס, דער העלד פונ דער דערציילונג, א צווייענדיקע עקזיסטענצ. דאָס איז א מענטש, וואָס זוכט פּײַנלעכ זײַנ אייגענעמ מענטשלעכנ ווירדיקנ „איכ“ אונ אינ דעמ, אייגנטלעכ, באשטייט זײַנ מעשוגאס אינ די אויגנ פונ די ארומיקע. בערל באנצעס מיט זײַנ בלינדנ אומרו, מיט זײַנ שטענדיקער גרוילִיקער פראגע—ווער בינ איכ?—איז דער קאָרבנ פונ א דורכויס פארקריפּלטנ לעבנ.

אינ דער דערציילונג „מעקובאָלימ“ איז ניטאָ די סאטירישע שארפקײַט פונעמ „מעשוגענעמ באטלענ“. פארקערט, דער רעליגיעז-עקסטאטישער אומקומ פונעמ קלויזניק איז דאָ באהויכט מיט א באשטימטער טרויעריקער ראָמאנטיק אונ דאָכ ווייט מיט אומהיימלעכנ מייסימ-גערוכ פונ די נעבעכדיקע רעשטנ פונ דער געהויבענער לאָשצעווער יעשיווע. די אלטע פרומע וועלט מוז אומפארמײַדלעכ אומקומענ צוזאמענ מיט איר מיסטיק, מיט איר אומזיניקנ קידעש-האשעמ, מיטנ גאנצנ שווינדער אונ גרויל פונעמ בלינדנ גלויבנ.

ס'איז, פארשטייט זיכ, ניט צופעליק פערעצעס אינטערעס צו די קינסטלער-געשטאלטנ ווי די יִדישע קלעזמער מיט זייערע אומגעצאַמטע לײַדנשאפטנ, מיט זייער ווײַטקײַט פונ שול, בעסמעדרעש, מיט זייער ניט אונטערוואַרפנ זיכ צו דער „ראַבאָנישער פלעדערמויז“. שאָלעמ-אליכעמענ האָט דאָכ אויכ געצויגנ צו זיכ „דאָס קינסטלערישע ציגײַנער-לעבנ“ פונ די קלעזמער. אי פערעצנ, אי שאָלעמ-אליכעמענ האָט גערעגט די אינערלעכע פרײַהייט פונ די דאָזיקע מענטשנ. בא פערעצנ זײַנענ די קלעזמער געגעבנ געוואָרנ פיל ברויזנדיקער, אומגעצאמטער, ווי בא שאָלעמ-אליכעמענ.

פונ דעמ אויבנגעזאָגטנ איז צו זענ, אז פערעצעס רעאליסטישע נאָוועלנ, אָנגעזאפּטע מיט טראגיזמ, זײַנענ אינ זייער טאָכ לעבנס-באשטעטיקנדיק. זיי רײַסנ אומבעראכמאָנעסדיק אופ די פינצטערע נעפלענ פונעמ מיטלאלטער אינ דער יִדישער

סוויווע, קעמפנ קעגנ יעדנ מינ אונטערדריקונג אונ רוקנ ארויס אפנ פאָרערגרונ
די פּאָזיטיווע פּאָטענצנ פונעם פאָלק.

דער גורל פונעם פאָלק ווערט בא פערעצנ געגעבנ ניט דורכ דער שילדערונג פונ א קיבוצ, וואָס אזוי איז געווענ די טראדיציע פונ דער ייִדישער קלאסיק, נאָר דורכנ פריוואטנ גורל פונעם אינדיווידוום. די פסיכאָלאָגישע רעאליסטישע נאָוועלע איז געקומענ אינ דער ייִדישער ליטעראטור צוזאמענ מיט פערעצנ. ער איז איר שעפער אונ גרונט-לייגער. דער אויפבלי פונ דער ייִדישער נאָוועלע סאָפ 19-טנ, אָנהייב 20-טנ י.ה. איז פאָרגעקומענ אונטער דער דירעקטער ווירקונג פונ פערעצנ. פערעצעס סטיל האָט געלאָזנ טיפע וואָרצלענ אויכ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער נאָוועלע. מיר האָבנ שוינ פארצייכנט, אז פערעצ איז, בא זײַנ גאנצער עמפינדלעכקײַט צו פארשיידענע ווירקונגענ, א דורכויס אָריגינעלער אונ אייגנארטיקער קינסטלער, אונ זײַנ נאָוועלע האָט געעפנט אבסאָליוט נײַע פערספעקטיוונ פאר דער ייִדישער ליטעראטור.

פערעצעס נאָוועלנ צייכענענ זיכ אויס, אינ דער ערשטער ריי, מיט זייער קורצ-קײַט. דער שרײַבער האָט פארמאָגט די גליקלעכע אייגנשאפט אויסצודריקנ מיט זייער ווייניק ווערטער זייער פיל געדאנקענ אונ געפילנ. זײַנ לאקאָנישקײַט פלעגט דערגייענ צומאָל ביז ניט-פארענדיקטקײַט, ביז העמאָזעמדיקײַט אפילע אינ די רעא-ליסטישע נאָוועלנ, ביז אפאָריסטישקײַט פונ דער שפּראכ. פערעצעס נאָוועלע איז זייער צילגעווענדט. די האנדלונג איז שטענדיק שטרענג קאָנצענטרירט ארומ איינ טעמע אונ איינ אידיי. אויסער אייניקע אויסנאמענ (ווי, לעמאָשל, אינ „באסנע גע-האט") פעלט בא פערעצנ קימאט אינגאנצנ די באשרײַבונג פונ דעמ העלדס ביאָ-גראפיע. די גרעסטע צאָל נאָוועלנ פארמאָגנ ביכלאל ניט קיינ עקספּאָזיציע. פערעצ פירט ארײַנ דעמ לייענער באלד פונ אָנהייב אָנ אינ דער סאמע געדריכטעניש פונ דער האנדלונג.

ס'איז קעדײַ צו ברענגענ אלס בײַשפּיל די אָנהייבנ פונ אייניקע נאָוועלנ פערעצעס:

„ער גייט אונ דער ווינט צעיאָגט די פּאָלעס אונ די ווײַסע באָרד"... („דער מעשולעכ").

„דאָס קליינע שטיבל איז פארכוישעכט ווי אינ אימ דער דאלעס, אפ וועלכנ עס וויינענ אלע פיר ווענט"... („א קאָעס פונ א ייִדענע").

ווענ מע זאָל די דאָזיקע בײַשפּילנ פארגלײַכנ מיטנ אָנהייב פונ שאָלעמ-אלייכעמס ערשטער בעסטער דערציילונג, וועלנ מיר באלד זענ א גרויסנ אונטערשייד:

„טאָמער, סאמע אינ דער רעכטער בעהאָלע, ווענ ייִדנ שטופּנ זיכ, דער ארײַנ, דער ארויס, אונ מע שלאָגט זיכ אינ וואגאָנ פאר די ערטער, ווי, לעהאווידל, אינ שול פאר האקאָפעס—פונקט דעמלט זײַנענ זיי דאָ. זיי ביידע: ער אונ זי" (שאָלעמ-אלייכעמ—„קאָנקורענטנ").

„אונדזערע ייִדנ—הער איכ דאָרשענענ א ייִדנ הינטער מײַנע פּלייצעס, אונ פּא-סאזשירנ הערנ אימ צו—אונדזערע ייִדנ, הערט איר, ס'איז דאָכ ניט שײַעכ צו זאָגנ, גאָט זאָל ניט שטראָפנ פאר די רייד, ס'איז אנ אמ פּויזאָ—וואָס איז די טײַטש?—מיט א ייִדנ איז גאָר גוט קוגל עסנ, דאווענענ פונ איינ סידער, אונ ליגנ

...פ אינ בייסאקוואָרעס, אונ א רועכ אינ זיי אינ טאטנ, אונ גאָרנישט!"... (שאָלעמ-אליכעמ, „דער ניסרעפ").

בא שאָלעמ-אליכעמענ פילט זיכ באלד אינ אָנהייב דאָס ברייטע ארומריידנ די זאכ, די אָריענטאציע אפנ העלד—דעמ דערציילער, וואָס וועט מיט דער הילפ פונ זײַנ פאָרביקנ לאָשנ כאראקטעריזירנ זיכ אליינ; בא פערעצנ איז א קורצאָטעמדיקער זאצ, וועלכער פירט באלד ארײַנ אינ דער האנדלונג, וואָס איז פול מיט דראמאטישער אָנגעשטרענגונג. אפילע די שפראכ פונ די העלדנ אינ דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונעמ סיוזשעט איז אויכ קנאפ אונ קורצאָטעמדיק. עס ריידנ דאָסראָוו מענטשנ מיט פארכאפּטנ אָטעמ פונ צאר אונ צאָרנ; עס ריידנ אָפט מענטשנ, וועלכע זײַנענ געוווינט צו לײַדנ אונ שווײַגנ, אונ דאָס, אייגנטלעכ, באשטימט די לאקאָנישקײַט פונ זייער שפראכ, עס ריידנ מענטשנ באשיידענע, גאָר ליבנדיקע, וועלכע שעמענ זיכ אויסצודריקנ זייערע געפילנ... אָט אפ אזא אויפנ גייט פערעצ צו צו זײַנע העלדנ. ער גיט זיי וויניק רייד, ער בויט אָבער ווונדערלעכ דעמ סיוזשעט אונ ווײַזט דורכ אָנגעשטרענגטער דראמאטישער אנטוויקלונג פונ פסיכאָלאָגישע איבערלעבונגענ די לײַדנ אונ דעמ פראָטעסט פונ זײַנ העלד.

פערעצ איז לאקאָניש אינ דער שפראכ, אינ דער סטרוקטור פונ דער נאָוועלע, אינ זײַנ עצעמ עקספרעסיווער בילדערישקײַט, ווי, לעמאָשל: „דאָס בעטגעוואנט אָנ ציכלעכ קוקט ארויס מיט רויטע פארפערדטע אויגנ" („א קאָעס פונ א יידענע").

ווי ס'איז שוינ אויבנ אָנגעוויזנ געוואָרנ, איז די הויפט-אייגנשאפט פונ פערעצעס רעאליסטישער נאָוועלע איר לאקאָנישקײַט אונ דראמאטיזמ. אונ ס'איז פאָשעט צו באווונדערנ מיט וואָס פאר א פארשיידנארטיקע מיטלענ שאפט פערעצ די גרונט-שטימונג פונ דער נאָוועלע. מיר וועלנ דאָ ברענגענ בלויז אייניקע בײַשפּילנ, וואָס כאראקטעריזירנ די קאָמפּאָזיציע פונ פערעצעס רעאליסטישער נאָוועלע.

די דערציילונג „א פארשטערטער שאבעס" הייבט זיכ אָנ מיט אנ אידיליש בילד:

„האלב שאבעס! א בעזגל מיסט בא דער טיר,—צומ ארויסוואַרפנ; די לאָקשנ ליגנ אָפּגעשוועקט אינ שיסל, מע דארפ זיי נאָר באגיסנ מיט א לעפל יויכ, זיי זאָלנ זיכ נישט צוזאמענקלעפּנ. אפנ טיש איז גרייט בראנפנ אפ קידעש; א קוילעטש מיט א כאלע—צו באדעקנ מיט א זײַדנ כאלע-טישטעכל!"

אפנ פאָנ פונעמ האָזיקנ „האלבנ שאבעס" ווערט ארויסגעפירט א גליקלעכ אונ ליבנדיק פאָרפאָלק. אָבער שוינ צומ סאָפ פונעמ ערשטנ זײַטל פלאצט די אידיליע אונ באמ לייענער שאפט זיכ באלד דער אײַנדרוק, אז אינ דעמ האָזיקנ שטילנ נעסט מוז פאָרקומענ א קאטאסטראָפע אונ די שטילע טויב מיריאמ מוז זײַנ דער קאָרבנ. דער איבערבראָכ אינ דער שטימונג קומט פאָר אפ אזא אויפנ: זאָרעכ קושט מיריאמענ אינ קאָפּ.

— „וואָס געפעלט עס דיר אזוי?—רײַסט זיכ מיריאמ אויס מיט א געלעכטער—די האָר-באנד?

— שעמ דיכ כאָטש פאר דער מאמענ—האָט זי צוגעגעבנ שטיל".

אונ נאָכדעמ הייבט זיכ שוינ אָנ פאנאנדערוויקלענ א שוידערלעכ לעבנ, אינ וועלכנ עס בליצנ אופ נאָר מאָמענטנווײַז ליכטיקע שטראלנ פונ ליבע. די האָר-באנד פארדעקט מיריאמס הויל-געשאָרענעמ קאָפּ, דעמ שיינעמ קאָפּ, וואָס איז גאָר ניט

לאנג געווענ באפוצט מיט אייגענע בלאָנד־זײדענע צעפּ, אונ די מאמע, די לאנ סערל, די גאבעטע אונ זאָגערנ, באמיט זיכ שוינ אָפּצונעמענ בא דער טאָכטער ב רעשט ביסל לעבנס־פרייד. דער האָר־באנד אפנ קאָפּ, די הארבע מוסער־רייד פונ דער פרומער מאמעס אינ הארצנ—דאָס איז דער גורל פונ דער צארטער מיריאמ. אינ איר הארצ לעבט דאָכ אָבער איינציטיק אויכ דער „זינדיקער", פארבאָטענער ליבע־געפיל צו איר איינגענעמ מאנ... שאפט עס טאקע א שווערנ אינערלעכנ פּסיכאָלאָגישנ קאָנפליקט, וועלכער פירט אומפארמײדלעכ צו דער קאטאסטראָפע, צו דעמ „פאר־שמערטנ שאבעס".

אינ דער נאָוועלע „א קאַעמ פונ א ייִדענע" פירט אונדז פּערעצ באלד ארײנ אינ דער געדיכטעניש פונ זייער א שווערנ לעבנ. די אויסערלעכע אויסשטאטונג פונ דער וווינונג זאָגט אײדעס וועגנ שווערער נויט. אינ שטוב הערשט א שטילקײט, ווי פאר א געוויטער. דער מאנ פּילפּלט זיכ איבער א סייפער, דאָס ווײב שטריקט א זאָק אונ האָט האנאָע פונעמ מאנס געלערנטקײט. שטיל וואקסט אָנ א קאָנפליקט. די ווײב שטריקט אונ די שפּיזלענ אינ אירע הענט ריידנ מאמעש, קלאָגנ זיכ, שרײענ פאר פארביטערטקײט. בלויז דורכ דער באוועגונג פונ די שפּיזלענ אונ דורכ דער כמארע, וואָס רוקט זיכ אָנ אפּ איר פּאָנעמ, ווערט איבערגעגעבנ איר שווערער געמיט־צושטאנד, אונ דערמיט ווערט צוגעגרייט דער עפעקט, וועלכנ עס רופט ארויס דאָס אומגעלומפּערטע וואָרט „געדרונגענ". אונ ווײטער בײטנ זיכ שוינ די געשעענישנ, ווי אינ א קאַלײדאָסקאָפּ: דער אויסברוכ פונ צאָרנ בא דער פרוי, די פארוווּנדערונג אונ דערנאָכ דער אָנגריפּ פונעמ מאנ—דעמ באטלענ, דער פּרווו פונ דער פרוי צו באגײנ זעלבסטמאָרד אונ דאָס געוויינ פונעמ קינד, וואָס קערט אומ די פרוי ווידער צומ לעבנ, צו אירע מוטער־פליכטנ.

דער דיאלאָג צווישנ מאנ אונ פרוי איז זייער א געפּרעסטער, אינ אָפּגעריסענע זאצנ. ער איז אָבער פול מיט לײדנשאפט, מיטנ אויסגעשריי פונ פארפּײניקטע מענטשנ. דער אָנוווּקס אינ דער נאָוועלע איז אזא דראמאטישער, אז מע קענ עס זיכ באלד פאָרשטעלנ, ווי א סצענישע פּאנטאָמימע, אפילו אָנ ווערטער.

פּערעצעס רעאליזמ איז זייער א פאראלגעמיינערנדיקער. אינ פּערעצעס ווערק איז אָפּט פאראנ דער כאראקטעריסטישער פאר ראָמאנטיקער עלעמענט פונ באדינג־לעכקײט, בא פּערעצנ—דעריקער אינטעלעקטואליסטישע באדינגלעכקײט, וואָס נימט אָפּ וויניק אָרט דעמ פראט אונ רוקט ארויס אפנ פאָדערגרונט די אידעע, דעמ קאָנ־פליקט, דעריבער דארפ מענ ניט זוכנ בא פּערעצנ די פּינקטלעכע פּסיכאָלאָגישע אינ־דיווידואליזאציע, ווי בא מאָפּאסאנענ אונ טשעכאָווּנ, למשל. פּערעצ גיט בלויז אייניקע דעטאלנ אונ שטויסט צונויפ דעריקער כאראקטערנ, וואָס געפינענ זיכ אינ א קאָנפליקט. ער גיט כמעט ווי די קאָנדענסירטע פאָרמולע פונ דעמ אָדער יענעמ כאראקטער.

אינ די גרעסערע דערציילונגענ פּערעצעס, ווי „בעשאס מאגייפע", „באסענע נע־האט"—„האָישאָ מאָראס כאנע" א.אנד., ווו ער שטרעבט צו געבנ א פאנאנדערגע־וויקלטנ סיוזשעט, געבנ ניט קיינ מאָמענטאלע איבערלעבונגענ, נאָר די געשיכטע פונ א מענטשלעכנ לעבנ,—דאָרטנ זעענ מיר די וווּנדערלעכסטע פּסיכאָלאָגישע ניואנסי־רונגנ, די גענויסטע פּסיכאָלאָגישע אנטוויקלונג פונ דער געשטאלט. דאָ איז אָבער

איז פאַראַנ די אויסדריקלעכע פּערעציש לאַקאַנישקייט. ווענ מע לייענט דורכ די דערציילונג „כאַסענע געהאַט", האָט מענ דעמ איינדרוק, אַז מע האָט איבערגעלייענט א ראָמאַנ פונ צוויי הונדערט זייטנ אונ ניט א דערציילונג פונ א צוואַנציק זייטנ, אַזוי געדיכט איז עס געשריבנ.

אינ די 90-ער יאָרנ איז פּערעצ געווענ דירעקט באַווירקט פונ סאָציאַליסטישע אידייענ. דאָס איז צו זענ פונ זיינ פּובליציסטיק פונ יענער צייט, פונ א גאַנצער ריי לידער אונ, ענדלעכ, פונ אַזא מינ ווערק, ווי „וועבער-ליבע", ווו ס'ווערט שוינ דירעקט געשילדערט דער קאַמפ פונעמ אַרבעטער-קלאַס. כאָטש פּערעצעס סאָציאַליסטישע אידייענ זיינענ געווענ גאַנצ מעטושטעשע, האָבנ זיי דאָכ באַפרוכפּערט זיינ שאַפנ, געגעבנ א מעגלעכקייט אויפצונעמענ דאָס לעבנ אינ זיינ גאַנצער אַנטבלויזטער שאַרפקייט.

## 5

דער ערשטער פּעריאָד אינ פּערעצעס שאַפנ איז אינ גרונט געווענ א רעאַליסטישער. אָבער שוינ אויכ דאַנ האָט זיכ אינ דעמ שרייבער געלאָזט פילנ דער ראָמאַנטיקער, וואָס איז געקומענ צומ וואָרט זינט אומגעפער דעמ סאָפ פונ די 90-ער יאָרנ. אונ קוקנ מיר זיכ צו צו פּערעצעס נאָוועלנ פונעמ ערשטנ פּעריאָד זעענ מיר, ווי באַנאַנד מיט די דורכויס רעאַליסטישע נאָוועלנ גייענ א סאַכ ווערק אַלעגאָרישע, סאַטירישע, ראָמאַנטישע. אינ אייניקע פונ זיי לאָזט זיכ שוינ אינ א געוויסער מאָס פילנ דער שפּעטערדיקער גאַנג פונ די „פאָלקסטימלעכע געשיכטנ". די עלעמענטנ פונ ראָמאַנטיזמ פּערעצעס טראָגנ אָבער נאָכ דאַנ א קעמפערישנ, ראַדיקאַלנ כאַראַקטער.

אַלס אַנ איבערגאַנג-פאָרמ צו ראָמאַנטיזמ קאָנ מענ באַטראַכטנ די אַלעגאָרישע סאַטירע, וואָס האָט פאַרנומענ א גרויס אָרט אינ פּערעצעס שאַפנ. די בייזע פיילנ פונ פּערעצעס סאַטירע האָבנ געצילט אינ די אומפאַרשעמטע איבערגעזעטיקטע געלט-זעק, אינ דעמ צוויזיאַקישנ האַבאָנישנ שטריימל, מיטנ אַלטנ שוידערלעכנ דעוויז: „היט אייכ פאַר פייער", אינ די פרומע קעצ, וועלכע שטיקנ דאָס פאָלק מיט א פרומענ זיפצ, אינ די באַגרענעצטע, שמאָלקעפּיקע באַשעפענישנ פונעמ קליינבירגערלעכנ „געמויזעכצ", וואָס מיינענ, אַז העכער פונ זייער בלאָטע איז שוינ גאָר קיינ הימל ניטאָ.

— צוזאַמענ מיט דער בייזער סאַטירע לעבנ אינ פּערעצעס ווערק עלעמענטנ פונעמ איראָנישנ ראָמאַנטיזמ, וועלכער איראָניזירט איבערנ אייגענעמ אָביעקט.

דער איראָנישער ראָמאַנטיזמ געפינט זיינ אויסדרוק אינ א סאַכ לידער פּערעצעס, אינ „מאָגישנ", אינ אַזעלכע דערציילונגענ פּערעצעס, ווי „דער בעלמער מעלאַמעד", ווו אינעמ טמימעסדיקנ טאָנ פונ א כסידישער מייסע ווערט דערציילט וועגנ דער קראַפט פונעמ יעיצערהאָרע אונ וויאַזוי די לאַמעדוואָווניקעס מוזנ אָנקומענ צו דער הילפ פונ א סאָריס, ווייל, ווי ס'איז באַוווּסט, האָט נאָכ קיינ איינ גומער ייד קיינמאָל ניט בייגעשטאַנענ דעמ יעיצערהאָרע, אָדער אינ דעמ „רעבנס ציביק", ווידעראַמאָל א סטיליזירטע כסידישע מייסע, וויאַזוי א קלוגע יידענע איז ניכאַשער געוואָרנ פונ דעמ, וואָס זי האָט מיט דער הילפ פונעמ רעבנס ציביק געמאָלקנ נאַראָנימ.

ס'איז אינטערעסאַנט, וויאַזוי עס ווערט פאַרווירקלעכט דער ראָמאַנטישער פּלאַנ

אינ אזאַ, אינ טאָנ רעאַליסטישער דערציילונג, ווי „באָנטשע שווייג". באָנטשע ווערט סיוזשעטיש געפירט אינ צוויי פּלאַנענ—אינ זיינ פּיינפולנ לעבנ אפ דער וועלט אונ אינ זיינ קומענ אפ יענער וועלט. אונ דאַפקע דאַנ, ווענ עס ווערט געשילדערט באָנטשעס עהרליש לעבנ, גייט עס ווי א מינ געזאַנג, ווי א ראָמאַנטישע פאַרהערלעכונג פונ דער דאָזיקער ליידנדיקער געשטאַלט. דאָ איז אפילע פאַראַנ אינ א געוויסער מאָס די כאַראַקטעריסטישע פאַר פּערעצעס שפּעטערדיקנ שאַפנ ריטמיזירטע פּראָזע. ווענ אָבער באָנטשע קומט אָנ אפנ הימל אונ ווערט ארומגערינגלט מיט די הימלשע פּערסאָנאַזשנ, מיט די אָװעס אונ מאַלאָכימ, בייט זיכ מיטאַמאָל דער גאַנצער טאָנ פונ דער דערציילונג. דער לייענער פאַלט מאַמעש אריינ אינ א רוסישנ צאַרישנ געריכט מיטנ גאַנצנ קלאַפּערגעצייג פונ דער בורזשואַזער יוסטיצ אונ אָפיציעלער גערעכטיקייט: אזוי איראָניש שילדערט פּערעצ דעמ בעסדנ-שעל-מײַלע. אינ אָט דער שילדערונג הייבט זיכ ערשט אָנ ארויסצוווייזנ די סאַטירע. פּרינציפּיעל האָבנ מיר אינ „באָנטשע שווייג" די זעלבע צוויי פּלאַנ פונ רעאַלקייט אונ ראָמאַנטיק, פונ פאַרהערלעכונג אונ כויזעק, ווי אינ „מאָניש": עס גייט דאָ בלויז אינ דער פּראָפּאָרצ. אלנפאַלס, איז פּערעצעס ראָמאַנטיזמ פונ די 90=ער יאָרנ אינ טאָנ אַנ איראָנישער, אונ דאָכ זיינענ שוינ אויכ דאַנ בא אימ פאַראַנ אָנהייבנ פונעמ שפּעטערדיקנ ערנסט געמיינטנ, אייגנטלעכנ ראָמאַנטיזמ. אזוי טרעפנ מיר אינ פּערעצעס „רייזע-בילדער" אײנגאַנצנ אַנ אומדערוואַרטע, אינ דעמ געגעבענעמ קאָנטעקסט, דערציילונג „פאַרצייל-טע מייסעס". אינ דער סאַמע מיט פונ די רייזע-באַשרייבונגענ, פונ די שווידערלעכע בילדער פונ נויט אונ אָרעמקייט פלעכט זיכ פּלוצעמ אריינ א טיפּישע פאַר פּערעצעס שפּעטערדיקנ פּעריאָד, כסידישע מייסע מיטנ גאַנצנ כאַראַקטעריסטישנ פאַר די דאָזיקע מייסעס דערציילערישנ נוסעכ. אונ דאָס איז ניט דער איינציקער ביישפּיל. ס'איז גענוג צו דערמאָנענ, אַז „וועבער=ליבע" איז געשריבנ געוואָרנ אינ איינ יאָר מיט דער מייסעלע „ווער עס גיט לעבנ, גיט פּונוואַנענ צו לעבנ" (1897 י.) אונ שפּעטער „מעשופּע", דאָס בילד פונ נויט—איינצייטיק מיט „ער, זיכרוינוי ליוורוכאָ אינ זיינע מעקוראָװימ" (1901 י.). דער דאָזיקער ראָמאַנטיזמ, וואָס האָט זיכ אַנטוויקלט צוזאַמענ מיט פּערעצעס רעאַליזמ אונ איז דערנאָכ געוואָרנ דער איבערוויגנדיקער סטיל=עלעמענט אינ זיינ שאַפנ, קענ דערקלערט ווערנ בלויז אינ צוזאַמענהאַנג מיט פּערעצעס באַציונג צו דעמ קאַפּיטאַליזמ אונ זיינ איינאַרטיקנ פּראָטעסט קעגנ אימ.

אינ סאַמע אָנהייב פונ פּערעצעס וועג, אינ „מאָניש" פילט זיכ א באַשטימטע פּאָזיטיווע באַציונג צומ אָנקומ פונ קאַפּיטאַליזמ, ריכטיקער געזאָגט—צו דער נייער בירגערלעכער קולטור, וועלכע רייסט אופ די טויטע רו פונ פאַרוואָרפענע שטעטלעכ מיט „הייזלעכ, ווי ניסלעכ" אונ צעשטערט די פינצטערניש פונעמ מיטלאַלטער. אָבער שוינ גאָר אינגיכנ דערזעט פּערעצ די שרייענדיקע ווידערשפּרוכנ פונ דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ אונ די גרויסע נייע פּלאָגנ, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פאַר די פאָלקס=מאַסנ. פּערעצ זעט די פאַראָרעמטקייט פונ די מאַסנ, די נויט פונעמ אַרבעטער, קריזיסנ, אַרבעטסלאָזיקייט. ער זעט אויכ די פאַרדאָרבנקייט פונ די זיטנ, די אמאָראַלישקייט פונעמ קאַפּיטאַליסט אינ קעגנזאַצ צו דער אָרנטלעכקייט אונ דערהויבנקייט פונ די פאָלקס=מאַסנ. דער אָרעמער טרעגער פונ „שאָלעמ באַיִס" קעגנ

בעשומויפנ ניט דערלאָזנ דעמ געדאַנק, אז זײַנ ווײַב זאָל אפּ יענער וועלט זײַנ בלויז זײַנ פוסבענקעלע. ער וויל, זי זאָל אי אפּ דער, אי אפּ יענער וועלט זײַנ גלײַכ מיט אימ; פּערעצעס רײַכער „נאַחונ", פארקערט, איז דער, וועלכער האָט דירעקט גע-בראַכט צומ אומקומ זײַנ אייגענע פרוי. דער ארבעטסלאָזער וועבער פונ „וועבער=ליבע" טרוימט פונ זײַנ יוגנט אָנ וועגנ זײַנ געליבטער מיריאמ אונ קענ איבער זײַנ אָרעמקײַט מיט איר ניט כאַסענע האָבנ; זײַנ פאבריקאנטס זונ, פארקערט, האָט אינ דער פאבריק א גאַנצנ האַרעמ, אונ ער האָט די מעגלעכקײַט צו כאַסענע האָבנ „וועמ ער וויל אונ מיט וועמענ ער וויל". דער פאבריקאנט באגײט זיכ מיטנ ארבעטער ערגער, ווי מיט זײַנ פערד, אונ דער אָרעמער באַלמעלאָכע יוינע באצ („אײַזיקל שעבעט") קענ זיכ ניט בארוזיקנ, ביז ער באַזאָרגט ניט דאָס אָרעמע יאָסעמל. די בורזשואזיע איז אמאָראַליש, איבערגעזעטיקט, פוסט. אָט וואזוי עס רעדט וועגנ זיכ בא פּערעצנ א בורזשוא:

„איכ שטארב, ווײַל איכ בינ אנ אָקאָר, אזוי מיטנ גופ, אזוי מיט דער נעשאָמע; איכ האָב אינ מיר גאָרנישט, וואָס זאָל לעבנ אונ לעבעדיק מאַכנ... איכ לעב שוינ לאַנג נישט; איכ האָב שוינ לאַנג קיינ האַנאָע נישט פונ לעבנ, אצינד איז עס מיר נאָר נימעס געוואָרנ". („פיר דוירעס—פיר צאַוואָעס").

אלצ ווערט געקויפט פאר געלט. „דער שמייכל אפנ פרײַנטס פּאָנעמ, דער קוש פונ רויטע ליפּנ" אונ אפילע „דער קאַדיש נאָכנ טאַטנ". דער קאַפּיטאַליזמ שטעלט זיכ פאָר פּערעצנ אינ דער געשטאַלט פונ געל=וואקסענע פּענעמער אינ די שוי=פענצ-טער פונ גרויסע שטאָטישע מאגאזינענ, אינ דער געשטאַלט פונ פארוועלקטער יונגנט בא שנײַדער=מאשינעס אינ גרויסע שטאָטישע ווארשטאטנ—אונ שענדלעכ פארקויפ-טער ליבע אפּ די גרויסע שטאָטישע בולוואַרנ.

פּערעצעס קריטיק פונ קאפּיטאליזמ איז קיינמאָל ניט דערגאַנגענ צו קאָנסעק=ווענט סאָציאַליסטישע אויספירנ. עמעס, מאָמענטנווײַז קומט ער צומ קלאָרנ אויספיר, אז דער פּראָלעטאריאַט איז דער באַגראָבער פונ קאַפּיטאַליזמ, אָבער ער בלײַבט נישט בא דער האָזיקער איבערצײַגונג. ווי מיר וויסנ, הייבט פּערעצנ אָנ שפּעטער אפילע צו שרעקנ „דער אָפּגלאַנצ" פונ דער רויטער פאָנ, ער האָט מוירע פאר דער קלוימערשטער ניוועלירונג פונ דער מענטשלעכער פּערזענלעכקײַט באַמ סאָציאַליזמ, אונ דער אקטיווער אינטערעס צומ פּראָלעטאַריאַט אלס פירנדיקנ קלאַס אינ דער רעוואָליוציע ווערט בא פּערעצנ ביסלעכווײַז אויסגעלאָשנ. עס ווערט אָבער בא אימ קיינמאָל ניט אויסגעלאָשנ ביזנ סאָפּ די ליבע צו דעמ לײַדנדיקנ מענטשנ, דער טרוימ (זאָל זײַנ אנ אבסטראקט=ראָמאַנטישער) וועגנ פרײַהײַט אונ דער האַס אונ בימל צו די פארשײַדנסטע אונטערדריקער פונ פאָלק. פּערעצנ דעמ הומאַניסט אונ טרעגער פונ עטישנ פרינציפּ איז שטאַרק דערווידער די אנטבלויזטקײַט פונ מענטש=לעכע באַציִונגענ באַמ קאַפּיטאַליזמ, די געזעצנ פונ „קויפ אונ פארקויפ", וועלכע פארבײַטנ גרויסע מענטשלעכע געפילנ, העלדנטאַטנ, מעסירעסנעפעש פאר אנ אידיי. פּערעצנ דוכט זיכ, אז די מענטשלעכע פּערזענלעכקײַט ווערט וואָס ווײַטער אלצ קלענער, מינדערווערטיקער, אונ ס'וועקט זיכ בא אימ אופ די בענקשאַפט נאָכ דער גרויסער פּערזענלעכקײַט, וואָס זאָל שטײַנ מיט א קאָפּ העכער פונעמ גרויענ ארומ. פּערעצ פרווט זיכ אָפּווענדנ פונ דער נימעסער ווירקלעכקײַט אונ געפינענ הערלעכע

בילדער אינעם לאַנג פאַרגאַנגענעם, אינעם אַלטערטומ, אָדער אינעם נאַיִווּנ פאָלקס-גלויבנ, אינ כסידישע אונ פאָלקסטימלעכע געשיכטעס; אַזוי אַרומ הייבט פּערעצ אָנ צו קריטיקירנ דעמ קאַפּיטאַליזמ שוינ פונ אַנ אַנדערנ שטאַנדפּונקט, פונעמ שטאַנדפּונקט פונ דער פאַרגאַנגענהייט, פונ לאַנג אָפּגעלעבטע געזעלשאַפטלעכע פאָרמאַציעס אָדער אידייענ.

יעדער קינסטלער האָט זיכ זײַנ װעלט. אָנ דעמ קענ נאָרנישט געשאַפנ װערנ. פּערעצנ אַלס קינסטלער האָט שטענדיק געצויגנ די װעלט פונ דער ייִדישער מיטל-אַלטערלעכער קולטור מיט אירע אָבערגלויבנס, מיט אירע שטרענגע געזעצנ, מיט אירע מיסטישע זוכונגענ. אָפּ דער ראָזיקער קולטור איז ער דערצויגנ געוואָרנ, זי האָט ער אײַנגעזאַפּט פונ די סאַמע קינדערשע יאָרנ. אינ די פּאַרצײַטיקע פאָלקסטימלעכע געשיכטעס אונ אויכ אינ דער כסידישער מײַסע האָט פּערעצ געפונענ אַנ אָרגאַנישנ פאַר זיכ אונ זייער גוט באַקאַנטנ מאַטעריאַל. דער שרײַבער האָט זיכ לײַכט באַוועגט אינ דער ראָזיקער סוויווע אונ דאָ האָט ער געקענט שטעלנ א גאַנצע רײַ וויכטיקע פּראָבלעמענ, וועלכע האָבנ אימ געמאַטערט. אונ אויב מיר וועלנ באַטראַכטנ דעמ קרײַז פונ די ראָזיקע פּראָבלעמענ, וועלנ מיר זענ, אַז דאָס זײַנענ אַלצ אַזעלכע פראַגעס, וואָס האָבנ אויכ באַאומרויִקט א גאַנצע רײַ רוסישע אונ מײַרעוו-אייראָפּייִשע שרײַבער אָנהייב 20-טנ יאָרהונדערט. סינע צו דעמ געלט-זאַק, פײַנטשאַפט צומ פּיליסטער, די זוכעניש פונ דער גרויסער פּערזענלעכקייט, די פאַרהערלעכונג פונעמ מענטשלעכנ ווילנ אונ שטרעבנ, די לײַדנ פונעמ אייִדעלנ אונ גײַסטיק-דערהויבענעמ מענטשנ, וועלכער ווערט צעטראָטנ אונטער די פיס פונ דער נישטיקייט—דאָס אַלצ האָט פאַרנומענ א גרויס אָרט אינ פּערעצעס שאַפנ, אָנהייבנדיק פונ סאָפּ 90-ער יאָרנ.

קלייִנבירגערלעכער פּיליסטערישער גלײַכגעוויכט, אָנ קיינ שום דערהויבנקייט, וועלכער ווייס נאָר פונ שמאָלנ פּראַקטיציזמ אונ דעריבער איז ער ניט פעיִק אָפּ קיינ שום גרויסע טאַטנ—דאָס האָט שטענדיק אַרויסגערופנ פּערעצעס צאָרנ אונ ווידערשטאַנד.

די געשטאַלט פונ דער וואָג, אָפּ וועלכער עס וואַקלענ זיכ קליינע מיצוועס אונ קליינע אַווירעס, גייט דורכ, ווי א רויטער שנור אינ א גאַנצער רײַ פּערעצעס ווערק. ניטאָ קיינ גרויסע מײַסימ—ניט קיינ גוטע, ניט קיינ שלעכטע. ס'איז „וואָס אַמאָל ווייניקער". די פּראָבלעמ פונ מענטשלעכער קלייִנלעכקייט ווערט איינע פונ די צענטראַלסטע אינ פּערעצעס שאַפנ.

פּערעצעס האַס צו דער פּיליסטערישער נישטיקייט, צומ באַלעבאַטישנ „סייכל-האַיאָשאָר" האָט אינ זיכ עפּעס ענלעכס צו היינעס שטענדיקער אונ לײַדנשאַפטלעכער פאַראַכטונג צומ פּיליסטער. היינע דערציילט אינ זײַנע „רײַזע-בילדער" וועגנ זײַנער א צופעליקער באַגעגעניש מיט א דײַטשישנ זעלבסטצופרידענעמ באַלעבאָס, וועלכער האָט אויסגעלאַכט מענטשנ, וואָס גלייבנ אינ רוכעס. אַלע סודעס פונ דער נאַטור האָט ער דערקלערט גאַנצ פּאָשעט: די ביימער, לעמאָשל, זײַנענ גרינע, ווײַל די גרינע פאַרב איז נוצלעכ פאַר די אויגנ... „קאָלזמאַנ דער ראָזיקער מענטש איז געבליבנ לעבנ מיר,—שרײַבט היינע,—האָט די גאַנצע נאַטור, דאַכט זיכ, פאַרלאָרנ איר צויבערקראַפט. ווי נאָר ער איז אַוועק, האָבנ ווידער אָנגעהויבנ ריידנ די ביימער,

הילכנ די זונענ-שטראלנ, די פעלד-בלימעלעך האָבנ אָנגעהויבנ טאנצנ אונ דער בלויער הימל האָט אײנגעשלאָסנ אינ זײנע אָרעמס די גרינע ערד".

דער שמאָלער „באַיעשער מאטעריאליזמ" פונעמ פיליסטער, די פאָרשטעלונג, אז אלצ אפ דער װעלט עקזיסטירט צוליב אימ, צוליב זײנ האנאָע װעגנ האָט אויסגעזויגנ העסלעכ אונ אָפּשטויסנדיק אינ הײנעמ אויגנ. דאָס זעלבע אויכ בא פערעצנ.

דעמ בינטאלנ פראקטיציזמ פונ די געלט-זעק שטעלט פערעצ אקעגנ די רײנקײט פונ דער נעשאָמע, די דערהויבנקײט פונ גײסט. די דאָזיקע דערהויבנקײט פונ דער נעשאָמע פארמאָגט דאָסראָװ דער פאָלקס-מענטש—דער האָלצ-העקער, דער װאסער-פירער, דער טרעגער מיט דער שטריק אפ די לענדנ.

פערעצעס צוגאנג צומ פאָלקס-מענטש האָט דורכגעמאכט פונקט אזא עװאָליוציע, װי זײנ גאנצ שאפנ. אויכ אינ די 90-ער יאָרנ איז בא פערעצנ באנאנד מיט באָנטשע שװײג נעגאנגענ דער טרעפניאק אונ אפּיקוירעס בערל קאָלבאס („דאָס שטרײמל"), װערט דערנאָכ בערל קאָלבאס קימאט אינגאנצנ פארשװוּנדנ פונ פערעצעס דערצײלונגענ. די צענטראלע פאָלקס-געשטאלט פערעצעס, אָנהײבנדיק פונ סאָפ 90-ער יאָרנ אונ װײטער, איז די „שטומע נעשאָמע". די „שטומע נעשאָמעס"—דאָס זײנענ מענטשנ, װעלכע ס'פאלט גאָר ניט אײנ קעגנ עפּעס צו פּראָטעסטירנ. די ארומיקע געזעלשאפט, דאָס מאטעריעלע זײנ געפינט זיכ ביכלאל אויסער זײער אויפמערקזאמקײט. אָבער אינ װאָס פאר א סימבאָליסטישנ אונ אפילע רעליגיעזנ לעװוש פערעצ זאָל ניט אָנטאָנ דעמ ארבעטנדיקנ מענטש, שטײט דאָכ בא אימ דער פאָלקס-מענטש שטענדיק מיט א קאָפּ העכער פונ די „העכערע קלאסנ". דער פאָלקס-מענטש איז דערהויבנ מיט דער אײדלקײט אונ רײנקײט פונ זײנע שטרעבונגענ, מיט דער אָפּ-װעזנהײט פונ דער גװירישער גײציקײט אונ אויסגעבעזשבנטקײט, ער איז דער עמעסער טרעגער פונ מענטשלעכקײט. דער פאָלקס-מענטש איז, אײגנטלעכ, דער הויפּט-העלד פונ פערעצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטנ".

פערעצעס כסידישע אונ פאָלקסטימלעכע געשיכטעס שטעלנ מיט זיכ פאָר דעריקער אנ איבערדיכטונג פונעמ עלטערנ פאָלקס-שאפנ, פונ מינדלעכ פארצײלטע מײסעס. פערעצ האָט אויסגענוצט אונ סטיליזירט אינ זײנ שאפנ פונעמ שפּעטערדיקנ פעריאָד די אלטע פאָלקס-קונסט, װאָס האָט, ניט געקוקט אפ דעמ, װאָס זי האָט אָפּט אָפּערירט מיט רעליגיעזע קאטעגאָריעס, האָט זי דאָכ פארמאָגט אינ א גרויסער מאָס װעלטלעכע עלעמענטנ. אינ אזעלכע װוּנדערבארע פאָלקס-מײסעס, װי „דער ארענדאר", „די קלאָלע", „די מיצװע צו קלײדער", איז צו פילנ די עכטע פאָלקס-טימלעכע פײנטשאפט צומ גװיר, דעמ שפּאָטישנ שמײכל איבער זײנ גײװע אונ קלוימערשטער גרויסקײט. אונ סאָרע באס טויװימ אינ דער הויכ מיט דער טערקישער שאל אפ די פּלײצעס, װעלכע טאנצט מיט א קולעטש אינ די הענט פאר כאָסנ-קאלע—צי איז אינ איר דאָ ניט פאראנ דער צויבער פונ אנ אויסגעטרוימטער מיטאָלאָגישער פאָלקס-געשטאלט, א מינ פײע פונ ליבע?

דערבײ טאָר מענ ניט פארגעסנ, אז דער שטענדיקער איראָנישער שמײכל, װאָס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר פערעצנ, פארלאָזט אימ ניט אונ ער באגלײט אימ אויכ אינ די כסידישע אונ פאָלקסטימלעכע מײסעס. אינ אזעלכע מײסעס, װי „לוי סאכמויד", „סימכע שעבעסימכע" אונ אנדערע, פילט זיכ אָט דער איראָנישער

טאָג גאנצ שטארק. אונ אפילע אינ אזא עכט=כסידישער דערציילונג, ווי „אויב נישט נאָכ העכער“, לאָזט זיכ פילנ דער הויכ פונ דער טיפיש=פערעציישער איראָניע. דאָ זעענ זיכ בווילעט פעדים, וואָס צוענ זיכ פונ פערעצעס איראָנישנ ראָמאנטיזמ נאָכ פונ די 90=ער יאָרנ.

פערעצ האָט זיכ געוועגדעט צו דער מיסטיקער פארגאנגענהייט, ווײַל ער איז געווענ אנטוישט אינ דער ארומיקער קעגנוואָרט. די ראָמאנטיק האָט אײַנגעדריקט פערעצעס פראָטעסט קעגנ דער העסלעכער ווירקלעכקייט פונעמ קאפיטאליזמ. פערעצ פארלירט דאָ נישט זײַנע דעמאָקראטישע טענדענצנ, אָבער דער דעמאָקראטיזמ ווערט אנ אוטאָפישער („כסידיש“). דער כאסידיזמ אלס רעליגיעזע שיטע שטעלט מיט זיכ ניט פאָר, פארשטייט זיכ, די אייגנטלעכע טעמע פונ פערעצעס „כסידיש“. דער כסידישער רעבע מיט זײַנע „ניסימ“ פאר פידיונעס האָט געקענט ארויסרופנ בלויז א טיפע פאראכטונג בא אזא פערזענלעכקייט ווי פערעצ. פערעצ האָט סטיליזירט דעמ עלטערנ כסידישנ פאָלקס-פרימיטיוו, שאפנדיק דאָ, אינ די נאַיווע מייסעס פונ א מינ יויכאָנענ דעמ מעלאמעד אנ אויסגעטרוימטע וועלט פונ מענטשלעכער גאנצקייט. ניט אומזיסט לאָזט דאָכ פערעצ דעמ טמימעסדיקנ יויכאָנענ, דעמ מענטש, וואָס איז ניט אָנגערירט פונ דער מאָדערנער ציוויליזאציע, קריטיקירנ מיט עכטנ פאָלקסטימלעכנ שארפזינ די באציִונגענ צווישנ פאבריקאנט אונ ארבעטער, מענטש אונ מאשינ („וואָס אמאָל ווייניקער“). דער ברוטאלקייט פונ דער קאפיטאַליסטישער סיסטעמ, וואָס טרויבערט אויס פונעמ מענטשנ יעדנ לעבעדיקנ געפיל, מאכט אימ טרוקנ אונ פוסט, פארוואנדלט אימ אינ א מעכאניזמ, אינ א צוגאָב צו דער מאשינ שטעלט פערעצ קעגנ אויסגעדיכטעטע מענטשלעכע גאנצקייט, דעמ שטארקנ ווילנ פונ דער גרויסער פערזענלעכקייט אונ דעמ דעמאָקראטיזמ פונ גייסט („צווישנ צוויי בערג“, די דראמע „די גאָלדענע קייט“).

באגאנד מיט „כסידיש“ אונ „פאָלקסטימלעכע געשיכטנ“ האָט פערעצ אינ די 900=ער יאָרנ געשריבנ אויכ א גאנצע ריי רעאליסטישע ווערק (דערציילונגענ אונ דראמענ). פונ צײַט צו צײַט האָט זיכ בא פערעצנ געוועקט דער אקטיווער אינטערעס צומ רעאלנ ארומ, דעמ קינסטלער מיטנ גרויסנ געזעלשאפטלעכנ טעמפעראמענט פלעגט ווערנ ענג אינ זײַנ אויסגעטרוימטנ ווינקעלע, אונ ער פלעגט ארויסגייענ אפ דער פרײַער וועלט אײַנעטעמענ אביסל פרישע לופט, אָבער ניט אפ לאנג. די פונ אימ באשאפענע צויבער=וועלט האָט אימ וואָס ווײַטער אלץ מער אײַנגעזויגנ, אונ וויפל ער האָט אינערלעכ ניט געקעמפט מיט זיכ קעגנ דער אָנשיקעניש פונ דעקאדאנס, איז ער האָב אינ א באדײַטנדיקער מאָס באווירקט געוואָרנ פונ די מאָדערניסטישע אונ העקאדענטישע שטרעבונגענ אינ דער רוסישער אונ מערעו=אייראָפּיישער ליטעראטור. דער מאָדערניזמ איז בא פערעצנ געווענ ענג פארבונדנ מיט נאציאָנאליסטישע טענדענצנ.

די אנטוישונג אינ דער ארומיקער ווירקלעכקייט ברענגט פערעצנ צו פעסימיסטישע שטימונגענ. עס באווײַזט זיכ אינ זײַנ שאפנ די כאראקטעריסטישע פאר די דעקאדענטנ אפּאָלאָגעטיק פונ לײַדנ („דער קאָרבנ“, „די היטערנ פונ הייליקנ פײַער“, „דער מאלעכ“, „אנ אומבאקאנטע“ א.אנד.), דאָס פעסימיסטישע אָפּלייקענענ פונ וועלכע ניט איז אָביעקטיווע עמעסנ, פונ דער מאכט פונ פארשטאנד, פונ אידייִשנ

קאמפ. די מענטשהייט איז בלינד. שטרייטנדיקע מענטשן זיינען ענלעך אפ קליינע, ערשט זעעוודיק געוואָרענע הינטעלעך, וועלכע זיינען, איינגעטלעך, אלע גערעכט, נאָר, זעענדיק דעם עמעס בלויז פונעם אייגענעם ווינקעלע, פירן זיי צווישן זיך א פארביסענעם קאמפ. די זעלבע פארבלענדטקייט, וואָס איז אן אייביקער געזעץ, איז אויך אין דער דערציילונג וועגן קאין און העוועל. יעדער מענטש ווענדט זיך אין זיין איינזאמקייט צו זיין אייגענעם גאָט און וויל ניט דולדן קיין אנדערע און דערפון נעמט זיך דער שטענדיקער ברידער-קריג צווישן מענטשן.

דער גרויסער שרייבער האָט אָבער גוט געוווסט די קונסט פון דיכטערישער פארוואנדלונג און אפילע דורך די מאסקעס פון דעקאדאנס האָט זיך בא אים דורכגעריסן דאָס לעבעדיקע וואָרט, דאָס לעבעדיקע געפיל. אין פערעצעס מייסע „דער אייביקער פרידן אין ערגעץ-לאנד“, וווּ ס'איז אויך דאָ דער אומגעהויערער צאר איבערן שטענדיקן שטרייט צווישן קאין און העוועל, פילט זיך אָבער אויך די בענקשאפט צו א שענערער צוקונפט פון דער מענטשהייט, פון דער „שטראלנדיקער מענטשהייט“:

„און אינעם קינדס הערצל—קליין, הערצל-פיין, קלינגען, קלינגען וועט דאָס ליד, און ס'וועט דערפון א בענקשאפט ווערן...

א ב ע נ ק ע נ י ש צו ערגעץ-לאנד, צום הויכן בארג אין ערגעץ-לאנד; צום פרידן-לאנד, מיט דער שטראלן-שפראך, דער איינציק מענטשלעכער,—א בענקשאפט-פיין, א בענקשאפט-ריין!“

פערעץ איז אונדז טייער מיט זיין זוכנדיקן גייסט, וואָס האָט קיינמאָל ניט גערוט פון קיין באלעבאטישער רו, מיט זיין שטענדיקער בענקשאפט און טרוים וועגן מענטשלעכן גליק.

## 6

אזא דערשיינונג, ווי די ערשטע רוסישע רעוואָליוציע פון 1905-טן יאָר, האָט ניט געקאָנט איבערלאָזן גלייכגילטיק צו זיך אזא שרייבער, ווי פערעץ, און ווירקלעך—פערעץ הייבט ווידער אָן ארויסצווייזן זיין געזעלשאפטלעכן טעמפעראמענט, און אין זיינע קינסטלערישע שאפן מערקט זיך ווידער א געוויסער קער צום רעאליזם. אין 1904-טן יאָר שרייבט פערעץ אייניקע רעאליסטישע דערציילונגען, און צווישן זיי „נאכעס פון קינדער“. ס'איז כאראקטעריסטיש, אז די דאָזיקע דערציילונג האָט פערעץ איינגעשלאָסן אינעם בוך „פאָלקסטימלעכע געשיכטן“, צו וועלכן זי האָט, פארשטייט זיך, קיין שייכעס ניט. פערעצן האָט זיך, ווארשיינלעך, געוואָלט ארויסרוקן די דאָזיקע דערציילונג אפילע אין ניט קיין אָרגאנישן פאר איר קאָנטעקסט. פערעצעס קינסטלערישע הויפט-אויפמערקזאמקייט איז געווענדעט אין דער דאָזיקער צייט אין דער ריכטונג פון דראמאטורגיע. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אז פערעצעס רעאליסטישע נאָוועלע האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט איר דראמאטיזם. זי איז געווען ווייניק באשרייבעריש, נאָר זייער דראמאטיש פארשארפט אינעם דירעקטן פסיכאָלאָגישן צוזאמענשטויס פון ליידנשאפטן. דערפאר טאקע שפילט דאָרט אזא גרויסע ראָלע דער דיאלאָג.

וועגן דעם אָרט פונעם דיאלאָג אין זיינע שאפן דערציילט פערעץ אליין אין

„מײַנע זיכרוינעס“. ווענ דער יוגנטלעכער לייבוש פּערעצ באקומט צום ערשטנ מאָל אינ לעבנ דעמ צוטריט צו א ביבליאָטעק מיט וועלטלעכער ליטעראטור, פילט ער א באזונדערנ אינטערעס צו פארשיידענע דיאלאָגנ:

„דער איקער צויִ מיכ און נעמענ מיכ די דיאלאָגנ—די „שטיקלעכ מיט די פּאסיקלעכ“, ווי עס האָט דעמלט בא מיר געהייסנ; ווי מענטשנ רײדנ. יעדעס פּאסיקל האָט מיר אויסגעזעג, ווי א שפּעלטל אינ א מענטשלעכער נעשאָמע ארײַנ. די ליבע צום דיאלאָג, צום מאָלנ מיט דער שפּראכ איז מיר געבליבנ...“

אינ פּערעצעס רעאליסטישע דראמענ פארבלײַבט דער כאראקטעריסטישער פאר אימ קורצאָטעמדיקער, נערוועזער, צומאָל ניט דערערטער פּראָזע-דיאלאָג, נאָר א באפרײַטער אינגאנצנ פונעם באשרײַבונגס-עלעמענט. און מיר געפינענ טאקע דאָ אלטע באקאנטע. אייניקע דראמענ שטעלנ מיט זיכ פאָר אנ אינסצענירונג פונ פריִער אָנגעשריבענע דערציילונגענ: פונ „מעשופּע“ ווערט דער איינאקטער „א פרימאָרגנ“, פונ „מוסער“—„שאמפּאניער“.

דער פּראָבלעמענ-קרײַז ווערט דאָ ווייניק פארברייטערט אינ פארגלײַכ מיט די 90-ער יאָרנ. פּערעצ קערט זיכ דאָ ווידער אומ צו דער שילדערונג פונ נויט. ער נעמט די סאמע דעגראדירטע שטאָטישע אָרעמקײַט, וועלכע גרענעצט שוינ מיטנ „דעק“ פונ דער געזעלשאפט (אינ דער זעלבער צײַט, אגעוו, שרײַבט פּערעצ אָנ אנ אויספירלעכנ ארטיקל וועגנ דער שטעלונג פונ גאָרקיס פּיעסע „נא דניע“). גאָרקיס רעאליזמ און גאָרקיס הומאניסטישער אינטערעס פאר די מענטשנ פונ „דעק“ האָט זייער גערעגט פּערעצנ. אינ די איינאקטערס „שוועסטער“, „פאר דער טיר“, „אינ סקווער“, „ער און זי“ קומט פאָר די האנדלונג אונטערנ הוילנ הימל. עס האנדלענ מענטשנ, וועלכע געפינענ זיכ „פאר דער טיר“, וועלכע האָבנ ניט קיינ דאכ איבערנ קאָפּ, בא וועמענ ס'איז „די לעצטע ברעט אוועקגעשווומענ“.

א גאסנ-פרוי, וועמעס מוטער זיצט אינ טפיסע פאר גנייווע, דינסט-מיידלעכ עקספּלואטירטע און באלייִדיקטע אינ זייערע בעסטע געפילנ, א יונגע פרוי, נאָכ קימאט א קינד, וואָס די נויט צווינגט זי צו פארגעסנ איר ליבנ און כאסענע האָבנ מיט אנ אלטנ מאנ א גוויר,—דאָס זײַנענ די געשטאלטנ פונ פּערעצעס רעאליסטישער דראַמע, געשטאלטנ, באלויכטענע פונעם עכט-פּערעציִשנ הומאניזמ, עס איז ניט נאָר א שילדערונג פונ נויט, נאָר אויכ א פּראָטעסט קעגנ נויט.

אינעמ איינאקטער „שוועסטער“ זײַנענ אלע דרײַ שוועסטער גלײַכ אומגליקלעכ. די עלטערע, די אלמאָנע מירל, געפינט נאָכ אָבער א טרייסט אינ דער רעליגיע, לייע איז א שטילער קאָרבנ, וועלכער שטרעקט אויס דעמ האלדז אנטקעגנ דעמ כאלעפּ, די יונגסטע, נעכאמע, וויל שוינ קיינ קאָרבנ ניט זײַנ. .זי פּראָטעסטירט קעגנ דעמ אומרעכט, וואָס ווערט קעגנ איר באגאנגענ:

„מײַנ קאפּאָרע די וועלט“...

„און האָט גאָר צו מיר מײַנעס, האָב איכ צו אימ אויכ מײַנעס... און אפּ איינ מײַנע טויזנט מערוצים...“

אפּ א שארפנ סאָציאל-עטישנ קאָנפליקט איז געבויט אויכ די דראמע „ס'ברענט“ און „ווענג קינדער“.

און דאָכ זײַנענ די אלע ווערק נאָכ ניט קיינ עכטע דראמאטורגיע. זיי זײַנענ אלע

טיפ-דראמאטיש, זיי זײַנענ אָבער נאָכ עסקיזארטיק. ס'איז אינ זיי דאָ ווייניק האנד-לונג, ס'איז דאָ בלויז דער אָפענער, פסיכאָלאָגיש-אנטבלויזטער קאָנפליקט.

ניט געקוקט דערויפ, איז דראמאטורגיע פאר פערעצנ געווענ אנ אָרגאנישער זשאנר אונ, אָנהייבנדיק פונעם 1903-טנ יאָר, ווענ ער האָט אָנגעשריבנ אינ העב-רעיִש דעם ערשטנ ווארִיאנט פונ דער „גאָלדענער קייט" (חורבן בית צדיק"), האָט ער זיכ ניט איינ מאָל גענומענ פאר דראמאטורגישע ווערק. פערעצעס גרעסערע דראמאטישע ווערק זײַנענ ראָמאנטיש-סימוואָליסטישע דראמעס.

אינ 1908-טנ יאָר איז אינ די „ליטעראַרישע מאָנאטשריפטנ" געווענ אָפּגעדרוקט דער ערשטער אקט פונ פערעצעס דראמע „אינ פּאָליש אפ דער קייט", וואָס איז געווענ פערעצעס ערשטער גרויסער זיג אפנ געביט פונ דראמאטורגיע. אינ דער דאָ-זיקער דראמאטישער פּאָעמע איז פארקערפּערט דער סאמבאָל, צו וועלכנ פערעצ איז געקומענ אינ די יאָרנ נאָכ דער ערשטער רוסישער רעוואָליוציע. פערעצ האָט זיכער געקענט אינעם דאָזיקנ פערזאָנ כאראקטעריזירנ זיכ מיט די ווערטער פונ זײַנ העלד דעם „זינדיקנ".

אזוי אָנ קראפט,
אונ צו דער העכסטער קראפט
אזוי ענלעכ!

דער געפיל פונ אינערלעכער פרײַהײַט, שטאָלצע אינערלעכע אומאָפּהענגיקײַט, פּרײמ ווענג שיינע וועלטנ אונ אינ דער זעלבער צײַט פּאסיווקײַט אינ טאט, מאכט-לאָזיקײַט אינ פארווירקלעכנ די אייגענע אידעאלנ—דאָס זײַנענ די כאראקטעריסטישע שטריכנ פונעם „זינדיקנ", פונ דער בונטאריש-פּראָטעסטירנדיקער פערזענלעכקײַט.

דער „זינדיקער" טרעט ארויס מיט א פּראָטעסט קעגנ דער ארומיקער געדיכטער פינצטערניש מיט די שטיקנדיקע בעסמעדרעש-ווענט, מיטנ פינצטערנ פּאָליש, וווּ מע זעצט די ווידערשפּעניקע אפ דער קייט. ער טרעט ארויס קעגנ רעב בראכיענ דעם גביר אונ דעמ „ראָוו, זײַנ אונטערשטיצער".

דער „זינדיקער", דער אָרעמער קלויזניק האָט געוואגט צו פארליבנ זיכ אינ רעב בראכיעס יונגערער טאָכטער אונ אָפנ, פאר אלעמענ אינ די אויגנ, צו פארטיידיקנ זײַנ ליבע-געפיל. אָבער אויכ די געליבטע זײַנע, מיט וועלכער עס זײַנענ פארבונדנ זײַנע ליכטיקסטע טרוימענ, זאָגט זיכ פונ אים אָפּ, אונ דער „זינדיקער" בלײַבט באלד אינגאנצנ אנטוואָפנט, מאכטלאָז אונ איינזאם. די „ראבאָנישע פלעדערמויז", די „אלטע ווײַבער מיט שמוציקע נעגל" האָבנ באזיגט דעם פרײַענ גײַסט. פארשײַ-דענע שיכטנ (באלעבאטים, באלמעלאָכעס, קלויזניקעס) קומענ באפרײַענ דעם „זינ-דיקנ" פונ דער קייט אונ בעטנ אים, ער זאָל ווערנ זייער פירער. דער „זינדיקער" שטויסט זיי אָבער אלעמענ אָפּ.

„מיכ שטיקט דער דונסט פונ אײַערע לײַבער, אײַער אָטעמ שטיקט"...—שרײַט ער אויס אונ בלײַבט איינזאם אינ זײַנ שטאָלצנ אינדיווידואליזמ. ער, דער „זינדי-קער", וועלכער האָט דרייסט אופגעהויבנ די פאָנ פונ בונט, טרייסלט זיכ אָפּ פונ פּראקטישע טאטנ, ווײַל זיי זעענ אים אויס צו קליינלעכ, צו ערדיש. זײַנ בונט בלײַבט אנ אבסטראקטער, ניט קיינ פארווירקלעכטער. די טראגעדיע פונעם „זינדיקנ", ווי

אויכ אינ א גרויסער מאָס דעמ שרײַבערס גופע, באַשטייט אינ דעמ, וואָס אַזעלכע ווי זיי, קענענ נאָר אופּרודערנ מויכעס, וועקנ דעמ געפיל פונ פרײַהייט בא דער געזעלשאַפט, זיי זענענ אָבער פאַר זיכ ניט קיינ קאָנקרעטנ ציל, קיינ אויסוועג.

דער „זינדיקער" האָט אָפּגעשטויסנ פונ זיכ די מאַסנ, ווײַל ער האָט ניט געגלויבט אינ זיי, אונ איז איבער דעמ געבליבנ זינדיק ניט נאָר אַקעגנ דער שוואַרצער קנופּיע, ער איז געבליבנ זינדיק אַקעגנ דעמ פאָלק.

א טראַגישע פּראָטעסטירנדיקע פּערזענלעכקייט איז אויכ וועלוול דער קלעזמער („וואָס אינ פידעלע שטעקט"). דאָס איז א געזונטער האַמויגישער מענטש מיט א געשמאַמע פונ אַ עכטנ קינסטלער. וועלוול קענ זיכ ניט צופּאַסנ צו די עקזיסטירנדיקע לעבנס-נאָרמעס. איט פּײַניקט א שטענדיקער אומרו. זײַנ אוילעמהאַזעדיקייט איז דער העכסטער פּראָטעסט קעגנ דעמ רעליגיעזנ אַסקעטיזמ. די אידיי פונ קונסט ווערט דאָ אַקעגנגעשטעלט דער האַרבקייט אונ גרויקייט פונעמ טריוויאַלנ ארומ.

די האַנדלונג פונ פּערעצעס דראַמע „די גאָלדענע קייט" אַנטוויקלט זיכ אַפנ פאָנ פונ אונטערגאַנג פונ א צאַדיקישער דינאַסטיע, דערבײַ קלינגט דאָ דער פּערעצישער מאָטיוו פונ „וואָס אַמאָל ווייניקער". פּערעצ רוקט דאָ ארויס אַלס אידעאַלע פיגור די געשטאַלט פונ שלוימענ, דעמ מענטשנ מיטנ שטאַרקנ ווילנ.

פּערעצעס דראַמע „באַנאַכט אַפנ אַלטנ מאַרק" אַנטבלויזט אַמשאַרפסטנ די ווידערשפּרעכלעכקייט פונ זײַנ שאַפנ. די גרונט-אידיי פונעמ דאָזיקנ ווערק איז די גיט-ווירקלעכקייט פונ דער ווירקלעכקייט, אויב מע קאָנ זיכ אַזוי אויסדריקנ. פּערעצ שאַצט איבער אַלע ווערטנ אונ קומט צו טיפ פּעסימיסטישע אויספירנ. דאָס, פאַר-וואָס דער שרײַבער האָט פריער געקעמפט, וועגנ וואָס ער האָט געטרוימט ווערט דאָ אַראָפּגעזעצט אונ אויסגעלאַכט. ליבע, מאָראַל, רעוואָליוציע—אַלצ זעט אויס אינעמ ווערק ווי ניט ווירקלעכ, אַלצ איז א מיראַזש. דאָס לעבנ אונ טויט גיסנ זיכ צונויפ, לעבעדיקע אונ טויטע באַגעגענענ זיכ אַפ איינ פּלאַצ. די וועלט פאַרזינקט אינ טויט, אינ אויסוועגלאָזער פינצטערניש—אַזוי האָט זיכ געדוכט אינ דער צײַט פונ דער פּאָליטישער רעאַקציע נאָכנ 1905-טנ יאָר א טייל קליינבירגערלעכער אינטעליגענצ אונ דערינ אויכ פּערעצנ. אינ דער רוסישער ליטעראַטור האָט די דאָזיקע שטימונגענ שטאַרק אויסגעדריקט לעאָניד אַנדרייעוו.

פּערעצעס אויסדריקלעכע לאַקאָנישקייט לייקנט אינ „באַנאַכט אַפנ אַלטנ מאַרק" זיכ אַליינ אָפּ, ווײַל זי דערגייט שוינ צו אַזא גראַד, וואָס קענ שוינ ניט זײַנ אויסדריקלעכ. דאָס וואָרט ווערט זייער אָפּגעריסנ, געבראָכנ, אַפּאָריסטיש פּאַרטונקלט. אָנשטאָט מענטשנ באַוועגנ זיכ אינ דער דראַמע צייכנס פונ אידייענ, סימבאָלישע זעונגענ. פּערעצ, דער גרויסער מײַסטער פונ קאָמפּאָזיציע, דער שטרענגער אַרכיטעקטאָר פונ זײַנע ווערק, גייט דאָ אַפנ וועג פונ א בעקיוונדיקער ווילקירלעכקייט אונ פראַגמענטאַרישקייט. „באַנאַכט אַפנ אַלטנ מאַרק" איז אַנ אויסגעשריי פונ פאַרצווייפלונג אונ האָפענונגסלאָזיקייט. דאָס איז אָבער נאָכ ניט די לעצטע פּאַרוואַנדלונג פונ פּערעצנ. ווער האָט געקענט מעגלעכ זײַנ, אַז דער שטענדיק יונגער, שעפערישער, אומרויִקער פּערעצ זאָל זיכ ענדגילטיק באַרויִקנ אינ דער וועלט פונ נאַציאָנאַליסטיש-רעקאַרענטישע געשטאַלטנ, אינ א וועלט פונ שאָטנס? אייגער א מעמואַריסט דערציילט, אַז פּערעצ האָט זיכ געקליבנ אָנצושרײַבנ א צווייטנ, מער פּאָזיטיוונ טייל

פונ „באנאכט אפנ אלטנ מארק“, ווײל ס'איז אימ שרעקלעכ געווענ אוועקצוגײנ פונ זײער וועלט מיט אזא טרײסטלאָזנ ייִעש.

פערעצ האָט זײַנ פלאנ ניט באוויזנ צו פאַרווירקלעכנ, אָבער א נײַער קער אינ זײַנ שאפנ איז פאָרגעקומענ. שוינ סאמע פארנ טויט זעענ מיר ווידער א נײַעמ פערעצ, אנ אָפּגעפרישטנ, א מעטיקנ, א לעבנסלוסטיקנ.

יאָר 1914. ס'הײבט זיכ אָנ די אימפּעריאליסטישע מילכאָמע. פערעצ בלוטיקט פארנ גורל פונ די טויזנטער הײמלאָזע, פארטריבענע פונ דער צארישער רעגירונג. ער פירט דורכ א גרויסע הילפס-אקציע פאר די דאָזיקע הײמלאָזע אונ באזונדערס פאר די קינדער. ער אָרגאניזירט פאר זײ שולנ, קינדער-הײמענ, גיט זײ אָפּ פיל צײַט אונ שרײַבט ספּעציעל פאר זײ לידער. די דירעקטע באַגעגעניש מיטנ פאָלקס-קינד באַפליגלט דעמ שרײַבער, אונ דער 65-יאָריקער פערעצ הײבט אָנ איבעראנײַמ, ווי אינ דער יוגנט, צו שרײַבנ לידער, אונ דערצו נאָכ פאר קינדער.

אינ דער ייִדישער ליטעראטור האָט געלעבט די קלאסישע הומאניסטישע טראדיציע פונ ווענדנ זיכ צו דער קינדער-וועלט אונ דורכנ שילדערנ די לײַדנ פונעמ קינד ווײַזנ די אומנאָרמאלקײַט פונ דער עקזיסטירנדיקער געזעלשאפטלעכער סיסטעמ. צו דעמ קינד האָט מענ זיכ אויכ אָפּגעווענדט, ווי צו דעמ שענסטנ אונ רײנסטנ אינעמ פאָלק, ווי צו דעמ טרעגער פונ די שעפערישע פּאָטענצנ פונעמ פאָלק. אָבער באַ לינעצקינ, באַ מענדעלענ, באַ דינעזאָנענ, באַ שאָלעמ-אליײכעמענ איז דאָס קינד געווענ מער דער אָביעקט פונ שילדערונג, ווי דער אדרעסאט. באַ פערעצנ איז דאָס קינד געוואָרנ דער דירעקטער אדרעסאט. יאָ, דער שטרענגער פערעצ האָט הארציק אונ עמעסדיק געקענט רײדנ אויג אפ אויג מיטנ קינד. קײנ דיכטונג פאר קינדער איז דאָכ ביז פערעצנ ביכלאל ניט געווענ אינ דער ייִדישער ליטעראטור. פערעצ איז דער גרונטלײגער פונעמ קינדער-ליד באַ אונדז.

דער גרויסער שרײַבער אונ דענקער, וועלכער האָט אינ מעשעכ פונ זײַנ גאנצנ לעבנ אזוי פײַנלעכ געזוכט דעמ עמעס אונ האָט דערבײַ אזויפיל געבלוטיקט, דערפילט זיכ זײער געמיטלעכ צווישנ קינדער. ער וואַרפט פונ זיכ אינגאנצנ אראָפּ די מאָרעשכוירע פונ ספײקעס, פונעמ אײביקנ „טאָמער“, וועלכער האָט אימ שטענדיק פארפאָלגט, אונ, גוטמוטיק שמײכלענדיק, אנטפּלעקט ער זיכ פארנ לײענער אינ זײַנ גאנצער אײדלקײַט אונ הומאנישקײַט. די טמימעסדיקע קינדער-לידער וועגנ א „טויב—א פלוידערזאק“, א רויטנ מאָג, וואָס האָט „רויט געלאכט“, וועגנ א הינטעלע, וואָס וויל „זײַנ אײגענעמ שאָטנ כאפנ אונ ער קענ אימ ניט דערטאפּנ“, פארמאָגנ אינ זיכ א באזונדערע רײנקײַט אונ שטראלנ ארויס מיט עכטער קינדערישער פרײד. געוויס איז אויכ דאָ פערעצ א ראָמאנטיקער. דער דאָזיקער ראָמאנטיזמ איז אָבער געווענ אינ עכט פאָלקישער, א לעבנסבאשטעטיקנדיקער. אינ די נאקעטע אונ באָרוועסע הײמלאָזע קינדער האָט פערעצ דערזענ די שעפערישקײַט אונ באגאבטקײַט, ער האָט אינ זײ געזענ די צוקונפט פונעמ פאָלק. ער האָט געגלויבט, אז עס וואַקסט פונ יעדנ קינד א ריז:

נאָר נישט טראכטנ, נאָר נישט קלערנ,
קינדער וואקסנ אפנ רעגנ,
ווי די בלומענ, ווי די זאנגענ.

נאקעטע קעפ און נאקעטע פיס
וואקסט פון יעדן קינד א ריז
ביז צום הימל צו דערלאנגען.

אַמ צו דער קרעפטיקער און זויבערער דיכטונג איז פערעצ געקומען צום סאָפ פון זײַן לעבן.

פערעצ האָט פיל געבלאָנדזשעט, ער האָט דורכגעמאכט א וועג פון „האָפענונג און טרייסט“, ביז „האָפענונג און שרעק“—פון גרויסן באַטאָס פאר דער רעוואָליוציע ביז שרעק און יִיעש. בא דעם אלעמען בלײַבט פערעצ א שטאָלצער זוכנדיקער גײַסט, א פרײַנט פון די לײַדנדיקע, א טרוימער וועגן פרײַהײַט, א קעמפער פאר דער באַפרײַונג פונעם מענטשן פון קאָלערלײַ פענטעס. פערעצ, די מענטשלעך-איידעלע, זוכנדיקע און לײַדנדיקע פערזענלעכקײַט, וואָלט געקענט כאראקטעריזירן זיך און זײַן ליטעראריש-געזעלשאפטלעכן גורל מיט די ווערטער פונעם רוסישן דיכטער א. בלאָק:

Пусть душит жизни сон тяжелый,
Пусть задыхаюсь в этом сне,—
Быть может, юноша веселый
В грядущем скажет обо мне:

Простим угрюмство—разве это
Сокрытый двигатель его.
Он весь—дитя добра и света,
Он весь—свободы торжества!

---

רעדקאָלעגיע.
אָפגעגעבן צום דרוק—7/III—40 י. אונטערגעשריבן צום דרוק 26/IV—40 י. צאָל דרוק-בויגן 6.
טיראַזש 2000. באשטעלונג נומ. 2226. גלאוולײַטבעל נומ. 205.
דרוקערײַ א. נ. סטאלין—מינסק.

# אינהאלט



---

פּרײַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

2
1940

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Мінск, Рэволюц. вул., 2.